# אונדזער יאָרבוך

(קינדער־רינג)

פילאדעלפיע
מאי, 1948

# אונדזער יאָרבוך

(קינדער־רינג)

28טע אויסגאבע פון
די פילאדעלפיער
ארבעטער־רינג שולן,
געווידמעט דעם
15טן ארבעטער־רינג
שול־צוזאמענפאָר.

# The Year Book

Published Annually

by the

UNITED YEARBOOK COMMITTEE, WORKMEN'S CIRCLE

*This issue is dedicated to the*

*15th Workmen's Circle*

*School Convention*

MAY, 1948

MID-CITY PRESS

N. E. Corner 9th and Spruce Streets, Philadelphia 7, Pa.



# אונדזער יאָרבוך

## (קינדער־רינג)

ארויסגעגעבן פון דעם

פאַראייניקטן אַרבעטער קאָמיטעט

— צום —

15טן אַרבעטער־רינג שול־צוזאַמענפאָר



רעדאַקציע:
פּ. סיימאָן
ח. באַרקאָן
י. וואַלדמאַן

באַאַמטע:
י. עטינגער, פּאָרזיצער
ד. בראַגינסקי, סעקרעטאַר
ל. לעווינסאָן, פֿאַרוואַלטער

מאַי 1948 — פילאַדעלפיע — 28טע אויסגאַבע

# אינהאַלט

# עדיטאָריעלע נאָטיצן

## דער 15טער אַרבעטער־רינג שול־צוזאַמענפאָר

דער היי־יאָריקער צוזאַמענפאָר פון די ארבעטער־רינג שולן איז באמת אַן אויסערגעוויינלעך־וויכטיקער. ער איז העכסט־וויכטיק שוין צוליב דעם אליין, וואָס איצט, א היפּשע צייט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה און נאָך דעם גרויסן יידישן חורבן, קענען מיר, די שארית הפליטה, שוין אונטערציען א געהעריקן סך־הכל פון די גייסטיקע כוחות און מעגלעכקייטן, וואָס זיינען אונדז פארבליבן, כדי מיר זאָלן קענען ווייטער אָנהאלטן אונדזער קיום און בויען אונדזער קולטור.

עס איז קלאָר, אז די גרעסטע אחריות פאר דער אויפהאלטונג און ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון אונדזער קולטור און פון דער וועלטלעך־יידישער שול ליגט איצט, נאָך דעם חורבן, אויף דעם אמעריקאנער יידנטום, וואָס איז דער גרעסטער און רייכסטער יידישער ישוב אין דער וועלט, און וואָס איז פון דעם גרויסן אומגליק ניט אָנגערירט געוואָרן. דארפן מיר דערפאר שטרעבן אז דאָ זאָלן פארווירקלעכט ווערן אונדזערע אידעאלן וועגן א פולבלוטיקן גייסטיקן יידישן לעבן, וועגן אן אויפבלי פון דער יידישער קולטור, און וועגן א יידישער יוגנט, וואָס זאָל זיין גרייט צו ירשענען אונדזערע רייכע גייסטיקע פארמעגנס און צו קעמפן פאר זיי.

אין דעם היסטאָרישן קאמף פאר אונדזער קיום, פאר אונדזער קולטור, פאר אונדזערע דערהויבענע אידעאלן, וועט די ארבעטער־רינג שול שפּילן, אָן ספק, זייער א וויכטיקע ראָלע.

ביי אונדז אין לאנד מערקט זיך איצט א שטארקער אויפשוואונג אין יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן, גאָר אַן ערנסטע באציאונג צום יידישן גורל בכלל און צום ישוב ארץ־ישראל בפרט. מעגלעך, אז די שווערע ליידן האָבן אונדז געלייטערט. פאראן איצט ביי די אמעריקאנער יידישע עלטערן א דערוואכטער אינטערעס צו פּראָבלעמען פון יידישער דערציאונג. האָבן מיר דאָ א גרויסע געלעגנהייט צו ברענגען אונדזערע דערציאונגס־אידעאלן

צו דער ברייטער אמעריקאנער-יידישער געזעלשאפט. דער איצטיקער שול-צוזאמענפאַר וועט דארפן אויסארבעטן א פלאן ווי אזוי מיר זאָלן מיט אונ־דזער כוח און איינפלוס ארייגדרינגען וואָס טיפער אינעם אמעריקאנער יידישן לעבן, און פארזיכערן פאר אונדזער שול א שיינע צוקונפט.

און—דער עיקר:

ס'איז איצט אן עת לעשות. דער איצטיקער שול-צוזאמענפאַר וועט מוזן ווייזן זיין כוח אין מעשים. נייע פראָגראמען פאר אלע לימודים וועלן מוזן אויסגעארבעט ווערן, מיט א מער פארטיפטן פעדאגאָגישן צוגאנג צו יעדן לימוד. מיר מוזן באזאָרגן די שולן מיט גרעסערע און שענערע בנינים, מיט מאָדערנע מכשירים, מיט בילדער, מאפעס און ארבעטס-ביכער. עס וועט דארפן אויסגעארבעט ווערן א גענויע פראָגראם פון פראקטישע פלענער און ארבעט, וואָס זאָל קענען אוועקשטעלן אונדזער שול אויף פעסטע יסודות און וואָס זאָל שאפן די מעגלעכקייט פאר איר ווייטערדיקן וואוקס און אויסשפריי־טונג.

מיר שיקן דעם שול-צוזאמענפאַר אונדזער הארציקסטע באגריסונג און ווינטשן אים דערפאָלג!

---

## צום היי-יאָריקן ערשטן מאַי

מיט א געמישטן געפיל פון צער און פרייד, פון פארצווייפלונג און האָפע־נונג, באגעגענען די יידישע ארבעטער און פאָלקס-מאסן דעם היי-יאָריקן אינטערנאציאָנאלן ארבעטער יום-טוב, דעם ערשטן מאַי.

עס וואלגערן זיך נאָך אלץ 250 טויזנט פון דער שארית הפליטה אין די קאָנצענטראציע-לאַגערן אָן אן אויסזיכט צו געפינען אין גיכן א מקום-מקלט. אלע טויערן פון דער וועלט זיינען פאר זיי פארשלאָסן. דער ישוב אין ארץ־ישראל שטייט איצט אין געפאר פארניכטעט צו ווערן פון די אראבער אין און ארום פאלעסטינע,—און די ציוויליזירטע וועלט קוקט גלייכגילטיק צו און טוט כמעט גאָרניט אָפצושטעלן די הענט פון די מערדער.

עס זיינען נאָך ניט אויפגעבויט געוואָרן די קאָלאָסאלע חורבות פון דער צווייטער וועלט-מלחמה; עס איז נאָך ניט איינגעשטילט דער טרויער נאָך די

ליבסטע און טייערסטע, וואָס זיינען געפאַלן אין שלאַכט; די שטעט פון דער וועלט זיינען נאָך פול מיט פיזיש און גייסטיק פארקריפּלטע וועטעראַנען— און שוין הענגען ווידעראַמאָל אויפן הימל נייע, שווערע, שוואַרצע וואָלקנס, וואָס קענען יעדע רגע אויסברעכן מיט א גוואַלדיקן שטורעם, מיט א שטורעם פון אטאָם־באָמבעס און קאָסמאָס־שטראַלן. די בייזע וואָלקנס טראָגן זיך מיט א שרעקלעכן אימפּעט פון מזרח, פון דעם לאַנד, וואָס איז אָקאָרשט דורך די דעמאָקראַטישע לענדער געראַטעוועט געוואָרן פון די פאַרניכטנדיקע היטלער־חילות, און וואָס שטרעבט אָבער איצט מיט אַלע כוחות און מיטלען איינצופירן קאָמוניזם איבער דער גאַנצער וועלט, כדי צו זיין ביכולת אָנצו־האַלטן דעם אייגענעם דיקטאַטאָרישן רעזשים.

עס זיינען אָבער אויך דאָ ליכטיקע שטראַלן, וועלכע באַלויכטן דעם האָריזאָנט און ברענגען מוט און האָפענונג דער פאַראומערטער וועלט.

די געפאַר פון דער קאָמוניסטישער אויסשפּרייטונג צעמענטירט שטאַר־קער און פעסטער אַלע דעמאָקראַטישע און פרייהייטס־ליבנדיקע פעלקער פון דער וועלט, אריינגערעכנט אמעריקע. מען רעדט שוין אפילו וועגן דער נויטווענדיקייט צו שאַפן אין דער נאָענטער צוקונפט פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע. עס איז צו האָפן, אז די דאָזיקע פאַראייניקונג און אַנטשלאָסנקייט פון די דעמאָקראַטישע פעלקער צו פאַרטיידיקן זייער פרייהייט קעגן דעם אָנגריף פון דיקטאַטור וועט דינען ווי א וואָרנונג צו די קאָמוניסטישע הערשער ניט אָנצוהייבן קיין נייעם בלוט־מבול, און א דריטע וועלט־מלחמה וועט סוף כל סוף פאַרמידן ווערן.

די לייבאָר־רעגירונג אין ענגלאַנד פירט סיסטעמאַטיש דורך איר סאָציאַ־ליסטישע פּראָגראַם, ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, און באַווייזט אז סאָציאַליזם דאַרף און קען געבויט ווערן דורך דעמאָקראַטישע מיטלען. אין אַלע מערב־איראָפּעאישע לענדער זיינען זייער שטאַרק די סאָציאַליסטישע און אַרבעטער־פּאַרטייען. אין אייניקע לענדער שטייען זיי ביי דעם רודער פון דער רעגירונג, אין אַנדערע—פאַרנעמען זיי וויכטיקע פּאָזיציעס אין די דעמאָקראַטישע קאָאַליציע־רעגירונגען. דער זיג פון דעמאָקראַטישן סאָציאַ־ליזם איז, לאָמיר האָפן, א פראַגע פון דער גאָר נאָענטער צוקונפט.

אויך אין אמעריקע האָבן די טרייד־יוניאָנס, צוליב דער הערשנדיקער רעאַקציע, אָנגעהויבן איינצוזען אז די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קאַמפּן פון דעם אַרבעטער־קלאַס זיינען צוויי זייטן פון דער זעלבער מטבע, און האָבן באַשלאָסן צו נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל אין די פּאָליטישע פירונגען פון

לאנד. דאָס איז א נײַ קאפיטל אין דער געשיכטע פון דער אמעריקאנער ארבעטער־באוועגונג. אמת, די ערשטע טריט פון די יוניאָנס אין דעם פּאָליטישן קאמף זיינען נאָך דערווייל ניט קיין דרייסטע, ניט קיין צו־געוואגטע, אָבער עס איז צו האָפן, אז דורך דעם דערפאָלג פון דער ארבעטער באוועגונג אין אייראָפּע און דורך דעם גאנג פון געשעענישן אין אונדזער לאנד וועט דער אמעריקאנער ארבעטער ווערן באוואוסטזיניקער און אגרעסיווער און וועט ענדלעך צושטיין צום קאמף פאר די ליכטיקע אידעאלן פון סאָציאליזם.

דאן וועט דער אמעריקאנער ארבעטער־קלאס פארנעמען אין דעם פּאָליטישן לעבן פון לאנד די פירנדיקע פּאָזיציע, צו וועלכער ער איז בארעכטיקט. דאן וועט דער בונד פון די ארבעטער איבער דער גאנצער וועלט ווערן שטארקער און מעכטיקער און מיט געמיינזאמע כוחות וועט ווערן לייכטער צו בויען א פרייע וועלט, א וועלט באזירט אויף די יסודות פון סאָציאלן יושר.

אין א וועלט פון אמתער פרייהייט און דעמאָקראטיע וועט אויך די יידישע פראגע געלייזט ווערן אין אלע לענדער, וואו יידן געפינען זיך. דאָס יידישע פאָלק וועט אומעטום ווערן א גלייכבארעכטיקטער שותף אין דער פירונג פון לאנד און וועט באקומען די מעגלעכקייט פריי צו אנטוויקלען זיך און צוצוטראָגן זיין חלק צו דער מענטשלעכער ציוויליזאציע. אין א פרייער און דעמאָקראטישער וועלט וועט אויך געלייזט ווערן די פראגע פון א יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל, וואָס וועט זיין זיכער מיט איר קיום.

מיט דער האָפענונג און מיט דעם טיפן גלויבן אין דעם זיג פון אמת און יושר, דארפן די יידישע ארבעטער און פאָלקס־מענטשן באגעגענען דעם יום־טוב פון ערשטן מאי, וואָס רופט צום קאמף פאר פּאָליטישער פרייהייט און עקאָנאָמישער גלייכהייט, וואָס רופט צו ליבע, צו גליק, צו ברידערלעכן צוזאַמענלעבן פון אלע פעלקער אויף דער וועלט.





# שלמה מענדעלסאָן

די וועלט פון יידישער קולטור, די וועלט פון יידישן סאָציאַליזם, די וועלט פון יידישן פּראָגרעסיוון אידעאַליזם, האָט געליטן א גרויסן פארלוסט: עס איז גע־שטאָרבן שלמה מענדעלסאָן.

די ווילדע כוואַליעס פון היטלעריזם האָבן אים אראָפּגעשווענקט פון דעם ברויזנדיקן און צאַפּלדיקן ים פון פּוילישן יידנטום און אים געבראַכט צו די ברעגן פון אמעריקע. אין פּוילן איז ער געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע פירער פון „בונד". ער האָט דאָרט פארנומען דעם אויבנאָן אין דער קולטור־און שול־טעטיקייט.

אין דער קורצער צייט פון זיין לעבן אין אמעריקע, האָט ער זיך דער־וואָרבן א חשובן פּלאַץ ביי די יידישע פאָלקסמאַסן, ווי א געזעלשאַפטלעכער טוער, א גייסטרייכער לעקטאָר, א גלענצנדער רעדנער און א וואָרטזאָגער אין פראַגן פון יידישן סאָציאַליזם, יידישער ליטעראַטור און יידישער דער־ציאונג. אין אַלע קרייזן האָט ער געוואונען א סך פריינד, צוליב זיין אידעאַלער פּערזענלעכקייט און זיין טיפער חכמה.

ער האָט אָבער לאַנג ניט געקענט לעבן דאָ. צו־טיף איז ער געווען איינ־געוואָרצלט אין דעם לעבן פון די יידישע מאַסן אין פּוילן. און ווען די טרויע־ריקע ידיעות פון די זעקס מיליאָן אומגעקומענע יידן האָבן אים דערגרייכט, האָט ער זייערע נשמות אריינגענומען צו זיך אין הארצן און האָט געזוכט א תיקון פאר זיי און אויך פאר זיין אייגענער ליידנדיקער נשמה. ער האָט געזוכט, און עס איז אזוי שווער געווען צו געפינען. האָט זיין הארץ ניט אויס־געהאַלטן און ער איז איינגעזאַמלט געוואָרן צו זיין פאָלק.

עס איז פון אונדז אוועק איינע פון די שענסטע, איידלסטע און קלאָר־פולסטע פערזענלעכקייטן. כבוד זיין אָנדענק!



# גדליה ברעסלער

גדליה ברעסלער, א זייל פון דעם דור פיאָנערן-לערער, איז נישטאָ מער צווישן די לעבעדיקע. דער טויט האָט אים אוועקגעריסן פון אונדז אין זיינע בליענדיקסטע יאָרן.

ברעסלער איז יאָרן לאנג געווען א לערער אין די פילאדעלפיער ארבעטער-רינג שולן, דער דירעקטאָר פון דער א. ר. מיטלשול און פון דעם א. ר. קעמפ „האָפנונג". ער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע, איבערגעבנסטע און באליבטסטע דערציער פון יידישן דור. ער איז געווען א לערער א למד-וואָווניק, איינער פון יענע געבענטשטע לערער, וועלכע וועלן אמאָל אויפ-שטיין תחית התים אין לעגענדעס און באלאדעס. אים האָבן ליב געהאט די קינדער, די עלטערן, די פארוואלטער און אויך די חברים פון דער פראָפעסיע.

זיינע לעקציעס זיינען געווען באהויכט מיט ליבשאפט צום יידישן קינד און צום יידישן פאָלק, און מיט בענקשאפט נאָך א בעסערער וועלט. די תורה וואָס ברעסלער האָט איבערגעגעבן זיינע תלמידים—קינדער און דערוואקסענע—איז אריינגעדרונגען טיף אין זייערע נשמות, ווייל זי איז געווען א פראָדוקט פון ברייטן און טיפן וויסן, און ווייל זי איז געווען פארבונדן מיט פעדעם פון זיין איידעלער נשמה און באשיינט מיט פונקען פון זיין ליכטיקן הומאָר.

די „מאמע-ערד" מוז אמאָל האָבן אָנפאלן פון גרויזאמקייט און עגאָאיזם, ווען זי קען אזוי קאלט צודעקן אזא ווארעמע נשמה און זי האלטן פאר זיך אליין.

א ביטערע קראנקהייט האָט ברעסלערן זייער שווער געמאכט די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן. זאָל אים די ערד זיין לייכט!

# אונדזער קולטור- און שול-באַוועגונג

ג. כאנין

## דער אַרבעטער־רינג ווי אַ קולטור כוח אינעם יידישן לעבן פון אַמעריקע

אַ מאָדנעם מזל האָט דער אַרבעטער־רינג געהאַט אין דעם יידישן קולטור־לעבן פון אַמעריקע.

דער אַרבעטער־רינג איז אפשר געווען איינע פון די ערשטע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט ביי זיין גרינדונג, מיט אַן ערך 50 יאָר צוריק, פאַרבונדן זיין פיזישע עקזיסטענץ מיטן גייסטיקן גורל פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. פאַראַלעל מיט די בענעפיטן, וואָס ער האָט באַשלאָסן צו געבן צו זיינע מיטגלידער, בענעפיטן אין וועלכע זיי האָבן זיך דאמאלס אַזוי שטאַרקט געניטיקט, האָבן די פירער גלייכצייטיק זיך פאַרטראַכט און אויך דורכגעפירט פּלענער ווי אַזוי גייסטיק צו דערהייבן ניט נאָר דעם מיטגליד פון אַרבעטער־רינג, נאָר דאָס גאַנצע יידישע אימיגראַנטן לעבן.

מיט 40 יאָר צוריק האָט שוין דער אַרבעטער־רינג דורכגעפירט מאַסן לעקציעס אין ניו־יאָרק און אויך געשיקט לעקטאָרס איבערן לאַנד. און די לעקטאָרס זיינען געווען אַזוינע פאַרשידנאַרטיקע. דער פּועלי־ציוניסט, דר. סירקין, דער פאַרשטאָר־בענער דר. זשיטלאָווסקי, ב. וולאַדעק, און זיי צו לאַנגע יאָר, ש. ניגער, מאַקס גאָלד־פאַרב, און צענדליקער, צענדליקער אַנדערע זיינען געפאָרן איבערן לאַנד, ניט נאָר אין די גרויסע שטעט נאָר אַפילו אין די גאָר קליינע שטעטלעך, וואו דער יידישער ישוב איז געווען קליין און אומבאַדייטנדיק. ניט נאָר איז דער אַרבעטער־רינג געווען דער ערשטער צו ברענגען דאָס פּראָגרעסיווע יידישע וואָרט צו די ברייטע יידישע מאַסן פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע,—דער אַרבעטער־רינג איז אויך געווען דער ערשטער וועלכער האָט דאָ אין לאַנד פאַרשפּרייט דאָס בעסערע יידישע ליד און גע־פּרובירט אַנטוויקלען דעם געשמאַק פון דעם ברייטן יידישן עולם פאַרן בעסערן יידישן טעאַטער. אויב דאָס האָט זיך אים ניט אַלעמאָל איינגעגעבן, איז ער זיכער אין דעם ניט געווען שולדיק.

דער אַרבעטער־רינג האָט דאָ אין לאַנד אַנטוויקלט כאָראַלע געזאַנג. די צענד־ליקער יידישע כאָרן, וועלכע עס האָבן עקזיסטירט און עקזיסטירן אויך איצט אין די וויכטיקסטע שטעט פון אַמעריקע אונטער דער אויפזיכט פונעם אַרבעטער־רינג זיינען געשאַפן געוואָרן דורך זיינע ברענטשעס און שטאַטישע קאָמיטעטן. די כאָרן האָבן אין פאַרלויף פון 30 יאָר אַליין געזונגען און דורך זייער זינגען פאַרשפּרייט און געשאַפן מוזיק פאַר דעם בעסערן יידישן ליד.

מיט 40 יאָר צוריק האָט דער אַרבעטער־רינג געגרינדעט אַ פאַרלאַג און אַרויס־געגעבן פאַרשידנאַרטיקע ביכער פאַר דעם ברייטן יידישן עולם. ביכער, ניט נאָר

בעלעטריסטישע, נאָר אויך וויסנשאפטלעכע: ביכער פון געשיכטע, פיזיק, כעמיע, זאָאָלאָגיע, ביאָלאָגיע, און אריפמעטיק.

דער קאטאלאָג פונעם ארבעטער־רינג פארלאַג ציילט אין די הונדערטער ארויס־געגעבענע ביכער איבער פארשידענע געגנשטאנדן, און פארשפרייט זיינען געוואָרן די ביכער אין די צענדליקער טויזנטער.

דעם לעצטן סעזאָן האָבן די קאָנצערטן פונעם ארבעטער־רינג באזוכט אין ניו־יאָרק און איבערן לאנד— 150,00 מענטשן. די לעקציעס זיינען באזוכט געוואָרן פון איבער 26,000.

אין 1917 האָט דער ארבעטער־רינג געעפנט די ערשטע יידיש־פּראָגרעסיווע שול פאר קינדער.

א לאנגע דיסקוסיע איז געפירט געוואָרן אין דעם ארבעטער־רינג וועגן דעם, צי דארף אויף זיך דער ארבעטער־רינג נעמען די איניציאַטיווע צו גרינדן יידישע שולן, וואו מען זאָל יידישע קינדער, געבאָרן אין אמעריקע, לערנען יידיש, יידישע ליטע־ראטור, יידישע געשיכטע, און אלע אנדערע געגנשטאנדן, וואָס זיינען פארבונדן מיטן יידישן לעבן, מיט זיין פארגאנגנהייט, געגנווארט און צוקונפט.

ניין, ארום דער פראגע זיינען ניט נאָר געפירט געוואָרן דיסקוסיעס, נאָר אין פארלויף פון יאָרן איז אין די רייען פונעם ארבעטער־רינג אָנגעגאנגען א שווערער קאמף צווישן אָנהענגער און קעגנער פון יידישע שולן. אָבער ענדלעך האָבן דעם קאמף געוואונען די אָנהענגער פון די שולן. היינט־צו־טאָג איז די ארבעטער־רינג שול־נעץ די גרעסטע און פארצווייגסטע דאָ אין לאנד.

אין די שולן פונעם ארבעטער־רינג גייען ניט נאָר קינדער אָדער אייניקלעך פון מיטגלידער: אונדזערע שולן באזוכן אויך א גרויסע צאָל קינדער פון יידישע עלטערן, וועלכע געהערן ניט צום ארבעטער־רינג. ווייל, ווען דער ארבעטער־רינג האָט באַ־שלאָסן צו עפענען שולן, האָט ער לכתחילה געוואוסט, אז די טירן פון די שולן טאָרן ניט זיין פארשלאָסן פאר קינדער וועמענס עלטערן באלאנגען ניט צום ארבעטער־רינג.

טויזנטער קינדער זיינען אין פארלויף פון די 30 יאָר דערצויגן געוואָרן אין די ארבעטער־רינג שולן אין א יידישן גייסט, און יעדער איינציקער פראָגרעסיווער ייד דארף זיין שטאָלץ דערמיט.

דער ארבעטער־רינג האָט דאָס געטאָן ניט צוליב דעם, ווייל ער האָט געזוכט קרעדיט פאר זיין אָרגאניזאציע. דאָס איז צו אים געקומען אויף א נאטירלעכן אופן. ער האָט געהאט אין זינען דאָס גייסטיקע לעבן פון אונדזער פאָלק; ער האָט ניט געוואָלט און וויל אויך איצט ניט, אז יידישע קינדער זאָלן אָפּגעריסן ווערן פון דער יידישער קולטור, געשאפן מיט דער גרעסטער מסירת־נפש פון פארגאנגענע דורות.

דער ארבעטער־רינג איז געווען די ערשטע יידישע שול אָרגאניזאציע וועלכע האָט ניט נאָר געעפנט שולן, נאָר האָט אויך געשאפן לערן־ביכער פאר די פארשידענע געגנשטאנדן אין אונדזערע שולן.

דער ארבעטער־רינג קינדער־פארלאַג איז היינט דער בעסט אוועקגעשטעלטער: די לערן־ביכער, וועלכע ער גיט ארויס, ווערן ניט נאָר גענוצט אין די ארבעטער־רינג שולן, נאָר אין אלע טיפּן יידיש־וועלטלעכע שולן. און ניט נאָר לערן־ביכער. מיר האָבן ביז איצט ארויסגעגעבן עטלעכע צענדליק ביכער פאר קינדער צום לייענען:

מעשות, לעגענדעס, ביאָגראַפּיעס און פאַרשידענע אַנדערע ביכער, וואָס באַקאָנען און בינדן צו דאָס יידיש קינד צו אַלע אונדזערע פאָלקס־אוצרות.

צום באַדויערן, איז אָט די גרויסע קולטור־אַרבעט קיינמאָל ווי געהעריק ניט אָפּגעשאַצט געוואָרן פון די, וואָס פיגורירן אַלס פריינד פון דער מאָדערנער יידישער קולטור.

עס קען זיין אַז דער אַרבעטער־רינג איז אַליין שולדיק אין דעם. ער האָט זיך קיינמאָל ניט באַנוצט מיט יענער „פּיפּיקער" פּובליסיטי, וואָס מאַכט פון אַ האָז אַן העלפאַנט. ער האָט זיין אַרבעט געטאָן בשלימות, ווייל זי איז געווען וויכטיק און נייטיק פאַר דער גייסטיקער דערהייבונג פון אונדזער פאָלק. פאַר אים איז וואַרשיינלעך געווען פאַרשטענדלעך, אַז זאָל נאָר די אַרבעט געטאָן ווערן, וועט שוין די אַנערקענונג קומען אויף אַ נאַטירלעכן אופן.

עס איז אפשר דאָ נאָך אַן אורזאַך—און זי איז טיפער ווי אַלע אַנדערע אורזאַכן:

ביי דער גרינדונג פון אַרבעטער־רינג איז דאָ אין לאַנד פאַרפלאַנצט געוואָרן דער קערן פון אַ גרויסער יידישער מאַסן־אָרגאַניזאַציע. די יידישע אינטעליגענץ איז אין אַמעריקע געווען אַן אינדיווידואַליסטיש. יעדער איינציקער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט זיין אומשטערבלעכקייט און געקוקט מיט אַ געוויסער מאָס פאַראַכטונג אויף דער יידישער אימיגראַנטן־מאַסע. די יידישע מאַסע איז זיך צוזאַמענגעלאָפן פון פאַרשידענע לענדער; איר קולטורעלער ניוואָ איז געווען ניט קיין הויכער, און די יידישע אינטעליגענץ, וועלכע האָט גערעדט אמת און אויפריכטיק וועגן יידישער קולטור, האָט געקוקט אויף דער מאַסע מיט ביטול, ווי אויף עם־הארצים, און ווייל דער אַרבעטער־רינג איז געווען אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע, האָבן זיי אויך געקוקט אויף דעם אַרבעטער־רינג מיט די זעלבע אויגן.

אין דער אַלטער היים איז די יידישע אינטעליגענץ ניט נאָר אויפן געביט פון פּאָליטישן קאַמף און סאָציאַלע באַוועגונגען, נאָר אַפילו אויפן געביט פון קולטורעל דערהייבן די יידישע מאַסן, געגאַנגען אויף אַ סך קרבנות. אַלץ וואָס די אינטעליגענץ האָט פאַרמאָגט אין זיך האָט זי געוואָלט איבערגעבן דער יידישער מאַסע, וועלכע איז אין יענער צייט געווען אומוויסנדיק און אומבאַהאָלפן. גאַנץ אַנדערש איז געווען די באַציאונג פון דער יידישער אינטעליגענץ צו די מאַסן דאָ אין אַמעריקע.

אַנדערש וואָלט אויסגעזען היינט אונדזער לעבן, ווען די יידישע אינטעליגענץ וואָלט געווען אַ טייל און אַן אַקטיווער אנטייל־נעמער אין יענע מאַסן־באַוועגונגען, וועלכע זיינען פון די יידישע אימיגראַנטן־מאַסן דאָ געשאַפן געוואָרן.

די לעצטע צייט האָבן זיך באַוויזן טיפע ענדערונגען אין די באַציאונגען צווישן דער אינטעליגענץ און דער מאַסע. הלואי זאָל די דערנעענטערונג גיין מיט אַ שטאַרקערן און שנעלערן טעמפּאָ.

די קולטורעלע כוחות אין אַרבעטער־רינג האָבן אַלע מאָל געטאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך צו דערנעענטערן די יידישע אינטעליגענץ צו דער קולטור־אַרבעט פון אַרבעטער־רינג.

אונדזערע טירן זיינען געווען אָפן און וועלן בלייבן אָפן פאַר אַלע יענע, וואָס קאָנען זיין קאָנסטרוקטיוו אויף אַלע געביטן פון יידישן קולטור־לעבן.

זלמן יעפרויקין

# די יידיש־וועלטלעכע שול אין אַמעריקע

— א —

אין זיין גלות־געשיכטע האָט דער ייד דורכגעמאַכט ניט איין טראַגישע תקופה. ער איז אָפט אַרויסגעריסן געוואָרן פון זיינע אַלטע וואוינערטער. באַרויבט פון זיין האָב־און־גוטס, האָט ער ניט איין מאָל זיך געלאָזט איבער די וועגן פון דער וועלט צו זוכן אַ נייעם מקום מקלט, אַ נייע היים.

אָבער אינערלעך איז דעם יידנס לעבן תמיד געווען גאַנץ און פריי פון ספקות וועגן זיין אייגענעם ווערט און זיין אָרט אין דעם סדר העולם. זיינע ליידן האָבן פאַר אים געהאַט אַ זין און ס'איז ביי אים געווען שטאַרק דער בטחון אויף אַ בעסערער, ליכטיקער צוקונפט פאַר דעם פאָלק ישראל און פאַר אַלע אומות פון דער וועלט.

גייסטיקע ווערטן, געשאַפן אין משך פון לאַנגע דורות, האָבן מיט טויזנטער פעדעם צונויפגעבונדן די יידן, צעשפּרייטע איבער אַלע לענדער און אַלע וועלטטיילן, און זיי צונויפגעגאָסן אין איין פעסטער גייסטיק־נאַציאָנאַלער איינהייט, וואָס האָט בשעתו ניט געהאַט קיין גלייכן צו זיך ביי קיין פאָלק, אפילו ניט ביי די, וואָס האָבן געלעבט אויף אייגענער ערד, אין אַן אייגענער מלוכה.

דעם יידן איז אויך געווען קלאָר ווי אַזוי מגדל צו זיין די קינדער. מיט דער מאַמעס מילך האָט דאָס קינד איינגעזויגן דעם גלויבן אין בורא און זיין גערעכטיקייט, דעם בטחון אין אים און אויך די צוגעבונדקייט צום פאָלק ישראל איבער דער גאָרער וועלט. צוגרייטן דאָס קינד לתורה, לתפילה—דער עיקר—צו מעשים טובים האָט דער ייד באַטראַכט פאַר זיין ערשטן און וויכטיקסטן חוב, סיי צו זיך, סיי צו גאָט און אויך צום פאָלק ישראל. מיר זעען פאַר זיך אַזאַ מין אויסטערלישן פאַל: דורך איי־גענער פאָלקס־דיסציפּלין שטעלט זיך איין ביי דעם יידן אַן אַלגעמיינע פאָלקשול, דער חדר, אַ שול וואָס איז געווען אין פולן הסכם מיטן גאַנצן יידישן שטייגער און וועלכע האָט דעם יידן באַזאָרגט מיט גייסטיקער צדה לדרך פאַר דער וועלט און יענער וועלט.

די יידישע גאַנצקייט און רואיקייט הערט אויף אין 18טן און 19טן יאָרהונדערט, ווען עס קומט אויף און אַנטוויקלט זיך די מאָדערנע אינדוסטריעלע עקאָנאָמיק. זי ברענגט מיט זיך צוויי כוחות: די השכלה און די עמאַנציפּאַציע, אָדער דאָס שטרעבן צו עמאַנציפּאַציע (אין מזרח). זיי צעשטערן די פריערדיקע איינגעפונדעוועטע יידישע וועלט, די פריערדיקע, אין אַ געוויסן זין, גייסטיקע אידיליע.

די השכלה רופט דעם יידן צו צעברעכן די גייסטיקע געטאָ־וואַנט. די פרעמדע וועלט מיט איר קולטור נעמט אים לאָקן און רופן צו זיך. די רעליגיע פאַרלירט איר פריערדיקן רייץ. איר השפעה אין טאָג־טעגלעכן און גייסטיקן לעבן פון דעם יידן ווערט אַלץ קלענער.

האָבן יידן גענומען צעברעכן די ווענט פון דער געטאָ, איז גלייך אויפגעקומען די פראַגע, צי דאַרפן זיי ווייטער פאַרבלייבן יידן? דאָס אַרויסגיין פון דער געטאָ האָט געמיינט זיך גייסטיק פאַרבינדן מיט דער מאָדערנער אייראָפּעאישער קולטור, אין איר

זיך באַטייליקן. דער סימן מובהק פון דער קולטור איז געווען דאָס אוועקשטעלן אויפן העכסטן פּעדעסטאַל דעם מענטשלעכן שכל, דעם פרייען געדאַנק. אָט דער געדאַנק האָט ניט געוואָלט זיך לאָזן בינדן פון דער רעליגיע מיט אירע אַבסאָלוטע אמתן, וואָס טאָרן ניט אָפּגעפרעגט ווערן. איז מען אָבער הונדערטער יאָרן געווען געוואוינט צו פאַרבינדן די יידישע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ מיט רעליגיע, מיט אַ טיפן גלויבן און בטחון אין רבונו של עולם. ישראל ואורייתא חד הוא. אויב אַזוי, טאָ וויזשע קען מען פאַרבלייבן נאַציאָנאַל אַ ייד, אָן אמונה? האָבן טאַקע געוויסע יידן אויף דעם געגעבן אַ נעגאַטיוון ענטפער. יידישקייט און וועלט־קולטור, וועלטלעכקייט, זיינען צוויי זיך־צעשטערנדיקע פאַקטאָרן, זיי קענען צווישן זיך ניט הויזן אַזוי ווי פייער מיט וואַסער, איינס פאַרניכטעט דאָס אַנדערע. דעריבער: אויס מיט יידישער אייגנאַרטיקייט, אויס מיט יידישער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. יידישקייט קען זיין נאָר אַ רעליגיעזער סימן, אָבער ניט קיין נאַציאָנאַלער . . .

בפרט ווען דאָס האָט געפאָדערט די עמאַנציפּאַציע, ווען דאָס איז געווען דער תנאי, אָן וועלכן די וועלט האָט ניט געוואָלט געבן דעם יידן בירגער־רעכט, אים אנערקענען ווי אַ גלייכן. האָט דאָך בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פון 1789 דער קעמפער פאַר יידישער עמאַנציפּאַציע קלערמאָן טאָנער פּייערלעך אויסגערופן אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג: „יידן אַלס מענטשן קומט אַלץ — יידן אַלס פאָלק קומט גאָרניט". הייסט עס: ווילסטו זיין אַ מענטש מיט מענטשן גלייך, ווער אויס ייד.

האָבן טאַקע די יידן פון נאַפּאָלעאָנס סנהדרין פּראָקלאַמירט: „איצטיקע צייטן זיינען יידן מער קיין פאָלק ניט, ווייל אויף אונדזער גורל איז אויסגעפאַלן דאָס גליק צו ווערן אַ טייל פון אַ גרויס פאָלק".

און אין יאָר 1830 האָט דער קעמפער פאַר יידישע רעכט אין דייטשלאַנד, גבריאל ריסער, געפרעגט: „זיינען מיר אַ פאָלק? וואו־זשע איז אונדזער פאָטערלאַנד?"

„יידן—זאָגט ער—זיינען געווען אַ פאָלק, אָבער זיי זיינען שוין דאָס לאַנג אויס, פון דער צייט אָן וואָס די טורעמס פון ירושלים זיינען אומגעפאַלן און דאָס פאָלק פון יהודה איז צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן איבער דער רוימישער אימפּעריע."

דעריבער דאַרפן די דייטשישע יידן: „זיך צונויפשמעלצן מיטן דייטשישן פאָלק, ווערן איינס מיט אים! . . ."

אַזוי איז עס געגאַנגען אויף דער גאַנצער ליניע, אומעטום וואו עס איז אַריינגעדרונגען די השכלה און די יידן האָבן גענומען גייסטיק זיך פאַרבינדן מיט דער וועלט, אומעטום וואו יידן האָבן געהאָפט דורך נאַציאָנאַלער פאַרלייקענונג געווינען בירגער־רעכט. אומעטום איז אויסגעקומען אַז ייד און מענטש זיינען צוויי היפּוכים און עס קען צווישן זיי קיין שלום ניט זיין, אַז אַ סינטעז איז ניט מעגלעך.

און עס האָט אויסגעזען, לויט דעם אויסדרוק פון דעם היסטאָריקער שמעון דובנאָוו: „אַז דאָס עלטסטע פאָלק, וואָס איז בייגעשטאַנען זיין קיום קעגן אַלע שטורעמס אין דער וועלט־געשיכטע האָט נישט אויסגעהאַלטן . . . אַז ס'האָט נאָכגעגעבן, ס'האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אייגנס און זיך אַליין דערנידערט צו דער מדרגה פון אַ רעליגיעזער סעקטע, וואָס איז צעטיילט צווישן די אַרומיקע נאַציעס." (ש. דובנאָוו: די נייסטע געשיכטע פון יידישן פאָלק, באַנד איינס, זז' 59 - 60).

— ב —

ס'האָבן זיך אָבער געפונען כוחות, וואָס האָבן אָנגעהויבן זיך אַנטקעגן שטעלן קעגן דער אַסימילאַציע, וואָס האָבן גענומען אויפשטעלן אַ דאַמבע קעגן אירע כוואַליעס. ריכטיק באַמערקט דער אַמעריקאַנער אַנטראָפּאָלאָג קלאַרק וויסלער אין זיין בוך מענטש און קולטור: „די וואָס האָבן אויפגעהאָדעוועט זיך אין אַ באַשטימטער קולטור, גלייבן אין איר סופּעריאָריטעט—זיי וועלן זיין גרייט אין צייט פון אַ קריזיס צו אַרבעטן מיט אַלע כוחות פאַר איר קאָנטינואיטעט, פאַר איר המשך."

די נאַציאָנאַל בליענדיקע כוחות האָבן זיך באַוויזן ביי די יידן אין מזרח־אייראָפּע, דאָרטן וואו עס האָבן געלעבט קאָמפּאַקטע מיליאָניקע יידישע מאַסן, פאַרפלאַנצט מיט טיפע, פעסטע וואָרצלען אין דעם יידישן עבר, אין דער דריי־טויזנט יאָריקער יידישער געשיכטע און קולטור.

די מאָדערנע קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט וואָס האָט אין מערב געווירקט אין יידישן לעבן נאַציאָנאַל צעשטערעריש, האָט פאַרקערט אַרויסגערופן ביי די יידן אין מזרח נאַציאָנאַל שעפערישע כוחות.

אונטער דער ווירקונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט הערן יידן אין מזרח אויף צו זיין לויט ווי מענדעלע האָט עס געשילדערט „אַן עדה מילבן וואָס ווי איינע אַזוי די אַנדערע אַלע גלייך."

דער קאַפּיטאַליזם האָט אָט די עדה אַ טרייסל געטאָן און אַריינגעטראָגן גרויסע ענדערונגען אין איר אינעווייניקסטער סטרוקטור. פון אַן איינהייטלעכער גרופּע האָט ער זי פאַרוואַנדלט אין אַ סאָציאַל דיפערענצירטער, עס קומען אויף פאַרשידענע סאָציאַלע גרופּעס און קלאַסן. דאָס פאָלק וואָס איז עקאָנאָמיש פריער באַשטאַנען פון איין קלאַס—הענדלער און פאַרמיטלער—ווערט קלאַסן דיפערענצירט. עס באַווייזט זיך אויף דער אַרענע פון יידישן לעבן דער אַרבעטער־קלאַס.

אין מזרח־אייראָפּע איז טאַקע די עמאַנציפּאַציע ניט געקומען. אָבער דער קאַפּיטאַליזם, וואָס אַ דאַנק אים זיינען אויפגעקומען פאַרשידענע סאָציאַלע גרופּעס און קלאַסן, האָט איבערגעאַנדערשט דעם גאַנצן יידישן שטייגער און אַריינגעבראַכט אַ גייסטיקע רעוואָלוציע אין יידישן לעבן, אַ רעוואָלוציע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די ברייטע יידישע מאַסן.

דאָס איז געווען—אמת אין יידישן לעבן אַ ביסל פאַרשפּעטיקט—די זעלביקע רעוואָלוציע, וואָס די אומות העולם, די אייראָפּעאישע פעלקער, האָבן דורכגעמאַכט מיט יאָרהונדערטער פריער. דאָס איז די רעוואָלוציע, וואָס האָט באַפרייט דאָס גייסטיקע לעבן פון דער ממשלה פון קלערוס, אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אויפשוואונג פון נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונד די פאָלקס־קולטור און די פאָלקס־שפּראַך.

זי האָט אויך אַריינגעבראַכט נייע טענער און נייע קלאַנגען אין יידישן לעבן. דער ייד האָט מער ניט געקענט פאַרלייקענען די וועלט. זי האָט זיך אַריינגעגנבעט אין זיין לעבן און צעשטערט זיין רו.

אָבער אין די שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד, פּוילן, רומעניע און ליטע, וואו

דאָס יידישע לעבן איז געווען רייך און זאַפטיק, וואו די יידישע שפּראַך האָט געלעבט אין מויל פון די פאָלקס־מאַסן, פון דעם באַלמעלאָכע און דעם למדן, פון דעם אָרעמאַן און דעם גביר, דאָרטן איז דער וואָרעם פון צווייפל אין יידישן „איך" ניט דערגאַנגען צו גרויסע טיילן פון פאָלק. ער האָט מער אָנגערירט די העכערע שיכטן, וועלכע זיינען, פּונקט ווי אין מערב, אַוועק אויף דעם וועג פון אַסימילאַציע.

די יידישע פאָלקסמאַסן האָבן דאָרטן זיך פאַרבונדן מיט דער גרויסער וועלט און איר קולטור ניט דורך פאַרלייקענונג פון דער אייגענער פּערזענלעכקייט, נאָר דורך איר באַנייאונג און פאַרטיפונג. די פאַרוועלטלעכונג פון דעם יידן, זיין אַרויסרייסן זיך פון זיינע אייגענע ד' אמות, איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, מיט אַ נאַציאָנאַלער דערהייבונג. פון דעם שטרעבן אָנצוהאַלטן די אייגענע געשטאַלט, דעם אייגנעם פּנים איז אויך אַרויסגעוואַקסן דער פאַרלאַנג און דער ווילן אויפצור־האַלטן די אייגענע שפּראַך—יידיש. ווי י. ל. פּרץ האָט עס געזאָגט: „יידיש איז אונ־דזער איין איינציקער וועג צו מענטש."

דאָרטן האָט דער וועג צו „מענטש" געפירט ניט פון פאָלק, נאָר צום פאָלק, ניט צו דעגענעראַציע, צו אַ פּאַראַליז פון אייגענער שעפערישקייט, נאָר צו אַ פאַרשטאַר־קונג פון אַ נאַציאָנאַלן לעבנס־ווילן, צו אַ פאַרשטאַרקונג פון אייגענער שעפערישקייט.

אָט אַזוי איז אויפגעקומען די מאָדערנע יידישע קולטור, די נייע יידישע ליטע־ראַטור—די יידישקייט וואָס רופט זיך וועלטלעכע יידישקייט. עס איז אויף אַזאַ אופן אָפּגעשאַפן געוואָרן דער ווידעראַנאַנד וואָס איז פון די משכילים קינצלעך געשאַפן געוואָרן צווישן „ייד" און „מענטש". וואָס מער שעפעריש דער ייד וועט זיין, אַלץ מער מענטש וועט ער ווערן, און אַזוי ווי זיין שעפערישקייט וועט טראָגן אַן אייגענעם לבוש, וועט ער אויך מער ייד ווערן.

דעם געדאַנק האָט בולט אויסגעדריקט שמעון דובנאָוו אין זיינע בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום, ווען ער זאָגט:

„מען דאַרף דערציען דעם יידן און די יידישע פּרוי אַזוי, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל זיין פאַר זיי אַ נאַציע, ניט נאָר לויט בלוט, נאָר אויך לויט קולטור. מען דאַרף זיי געבן אַ מעגלעכקייט אַזוי ווי די קינדער פון אַנדערע נאַציעס אויפצונעמען דאָס מענטשלעכע דורך דעם נאַציאָנאַלן.

דאָס איז דער תמצית פון וועלטלעכער יידישקייט.

מיט דער הוספה פון י. ל. פּרץ: „איין פאָלק יידן, זיין שפּראַך איז יידיש. און אין דער שפּראַך וועלן מיר אונדזער אוצר זאַמלען, אונדזער קולטור באַשאַפן, אונדזער נשמה וועקן און קולטורעל זיך פאַראייניקן צווישן אַלע לענדער און אַלע צייטן". (רעדע אויף דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ).

אויף אַזאַ אופן האָט די וועלטלעכע יידישקייט געשטרעבט צוריק אויפצושטעלן אין יידישן לעבן דאָס וואָס די השכלה און די עמאַנציפּאַציע (אָדער דער ווילן צו עמאַנציפּאַציע) האָבן צעשטערט: אַז אַלע יידן, אין אַלע תפוצות, זאָלן, ווי אַמאָל, זיין צונויפגעהעפט אין איין נאַציע דורך איין גייסטיקן בונד, דורך איין קולטור און

(ווי א צונאָב) דורך איין שפּראַך—יידיש. און אויך: יידיש פאָלק איז איינס און יידישע רעליגיע איז א צווייטע זאַך. דער תנאי אז ישראל און זיין תורה איז איינס ווערט אָפּגעוואָרפן.

אָבער די וועלטלעכע יידישקייט האָט זיך באַטראַכט ווי דער המשך פון אמאָל און האָט ניט איבערגעריסן מיט די גייסטיקע ווערטן און שאַפונגען וואָס דורות יידן—זאָל זיין אין א רעליגיעזן לבוש—האָבן געשאַפן אין משך פון יאָרהונדערטער.

די יידישע פאָלקס־מאַסן האָבן זיך באַהעפט מיט דער וועלט־קולטור, אָבער ניט דורך פּשוטן איבערנעמען זי. די פרעמדע קולטור איז פאַר זיי געווען ניט מער ווי א מיטל זיך אַליין צו באַרייכערן, צו באַרייכערן די אייגענע שעפערישקייט. מען האָט ניט גלאָט אזוי אַריבערגעטראָגן א פרעמדע קולטור צו זיך אין גאָרטן, נאָר אין יידישן גאָרטן איז אויפגעוואַקסן א נייע בלום וואָס האָט געצויגן איר זאַפט, איר יניקה, פון דער יידישער ערד, פון דעם פּשוטן יידישן פאָלקס־לעבן, פון זיינע מנהגים, פון זיין שטייגער, וועלכע האָבן געהאַט טיפע וואָרצלען אין דורות פון הונדערטער יאָרן און וועלכע האָבן זיך אויסגעפורעמט ביי יידן אין משך פון טויזנטער יאָרן פון זייער געשיכטלעכן לעבן. די נייע קולטור—פאַרבונדן מיט די שאַפונגען פון די פריערדיקע דורות—האָט אַריינגעשריבן א נייַ, שיין בלעטל אין אַלטן יידישן ספר.

פאַרוואָרצלט אין טיפן עבר, איז דער קוואַל פון דער נייער יידישער שעפעריש־קייט—פון מענדעלע, י. ל. פּרץ, שלום עליכם און פון די צענדליקער און הונדערטער וואָס זיינען געקומען נאָך זיי—געווען דאָס פאָלסירנדיקע לעבן פון דעם יידן, זיין האַנדלען און וואַנדלען, זיין קאַמף און שטרעבן, זיינע חלומות און האָפענונגען. דאָס איז געווען דער באָדן, אויף וועלכן עס האָט געשאַפן דער יידישער קינסטלער, דער יידישער אַקטיאָר און דער יידישער וויסנשאַפטלער.

די וועלטלעכע יידישקייט האָט אַרויסגערופן צום לעבן די יידיש וועלטלעכע שול. אָט די שול איז געווען דער אויסדרוק פון א באַגער צו א באַניַיט יידיש לעבן. איר ציל איז געווען אַריינברענגען יידיש־באַוואוסטזיין און נאַציאָנאַלע פאַרבינדונג מיטן פאָלק און זיין צוקונפט. אָן דער פאָלק־שול איז ניט מעגלעך קיין קולטור. דער מקור פון קולטור, פון שעפערישקייט איז דאָס פאָלקסלעבן. אָט דאָס דאָזיקע לעבן ווערט, ווי שוין אָנגעוויזן, באַאַרבעט אין נייע ווערטן דורך דעם קינסטלער. זיינע ווערק, זיינע שאַפונגען, ווערן אַריינגעבראַכט אין שול, און אזוי קומען זיי דורך דער שול צוריק אין לעבן אַריין, באַפרוכפּערן דאָס לעבן און רופן אַרויס נייע שעפערישקייט. דאָס, ווי עס ווייזט אָן דזשאָן דיואי אין זיין בוך — "Democracy and Education", פאַרזיכערט ווייטערדיקן וואוקס, קאָנטינואיטעט פון דער פאָלקס־קולטור. אָן דער שול איז ניטאָ קיין המשך.

אזוי זעען מיר אז מיט דעם וואָס עס דיפערענצירט זיך דאָס יידישע לעבן, ווערט פאַרשידנאַרטיק און רייך דער יידישער געדאַנק, ער נעמט שטראָמען אין פאַרשידענע ריכטונגען. די איינהייטלעכע יידישע פאָלק־שול, אין וועלכער עס האָבן זיך אמאָל דערצויגן סיי רייך, סיי אָרעם, ווערט אן ענין פון דער פאַרגאַנגנהייט. יעדע אידייאישע ריכטונג אין יידישן לעבן האָט איר ספּעציעלן בליק אויף דערציאונג און אַנשטאַט איין שול, וואָס זאָל זיין גילטיק און צופרידנשטעלנדיק פאַר אַלעמען, שאַפט—ביי דער אָפּוועזנקייט פון א פעסט־אָרגאַניזירט יידיש לעבן—יעדע גרופּע באַזונדערע שולן פאַר זיך.

יודל מארק

# אַ יידישע שול וואָס זאָל אַריינוואַקסן אין דער צוקונפט

מיט אָפענע אויגן דארפן מיר קוקן אויפן מצב פון דער יידישער שול אין די פאראייניקטע שטאטן. מאכן אַ גאוולהדיקן אָנשטעל איז ניט ווערדיק פאר פראקטישע מענטשן. זיך קניפּן אין די באקן כדי די פארב זאָל שטיין איז ניט שיין און פירט אויך צו קיין שום אויסוועג ניט. דארפן מיר פארבייסן די ליפּן און זיין רעאַליסטן און זיך זאָגן: עס איז ניט אַלץ אין אָרדענונג, מיר מוזן וואָס ענערגישער איינהאַלטן דעם געפערלעכן באַרג־אַראָפּ, איידער ער הייבט אָן צו זיין אַזוי שטאַרק, אַז מיר וועלן מער ניט זיין בכוח עס אָפּצוהאַלטן, עס איינצוהאַמעווען.

און ווען מיר וועלן אַליין זיך עס זאָגן, וועלן מיר דערפילן די נויטווענדיקייט אַריינצוברענגען אַ סך שינויים אין דער שול. זיי רירן אָן פאַרשידענע זייטן פון דער אַרבעט אַרום און אין דער שול. עס דאַרף קומען אַ נייע אידעאָלאָגישע פּאַרטיפונג וועגן דעם עצם יסוד פון דער שול, אַ נייע, נאַציאָנאַל־אונטערגעשטראָכענע מאָטיווי־רונג פון דער שול אויף יידיש. עס דאַרף ברייטער און אַרומנעמענדיקער ווערן די פּראָגראַם פון דער שול. אָבער וועגן די אַלע זייער וויכטיקע ענינים וועט דאָ ניט זיין די רייד. לאָמיר דאָ זיך אָפּשטעלן אויף דעם בילד דעם מער דרויסנדיקן, אויף דער פאָרשטעלונג פון אַזאַ יידישער שול וואָס האָט שאַנסן אַריינצואוואַקסן אין דער צוקונפט.

די בויערס פון דער יידישער שול אין די פאראייניקטע שטאַטן האָבן איינגע־שטעלט אַ געוויסן מוסטער—די קליינע שול, די שול מיט עטלעכע צענדליק תלמידים, די שול מיט איין לערער, און אין אַ היפּשער מאָס אויך די האַלבע שול, וואָס האָט נאָר אַ האַלבן לערער און וואָס פאַרלאַנגט פון קינד נאָר אַ העלפט פון דער צייט וואָס עס וואָלט געדאַרפט אָפּגעבן פאַר דער יידישער שול. אָט די קליינע שול האָט געהאַט אַ זינען, ווען עס איז געווען די ביטערע קאָנקורענץ צווישן ריכטונגען און עס איז געגאַנגען אין ווייזן וויפיל פונקטן מען פאַרמאָגט. זי האָט געהאַט אַ געוויסע באַרעכ־טיקונג, ווען די קינדער האָבן אין דער היים געהערט יידיש אָדער געהערט אַ סך יידיש. אָבער אין די איצטיקע באַדינגונגען איז ראשית כל ניט דערלאָזלעך געוואָרן די האַלבע שול און עס האָט אָפּגעלעבט די תקופה פון דער קליינער שול.

די האַלבע שול מוז בלייבן די שול מיט גאָר קנאַפּע פּעולות, ווען די קינדער קומען־אָן כמעט אָן שום קענטעניש פון יידיש; זי האָט פּשוט ניט קיין צייט, קיין מעגלעכקייט דורכצופירן איר פונקציע. זי ווערט אַ פאַרבלענדעניש, אַן אָפּנאַרן זיך. וואָרעם אַ האַלבע שול איז אַ סך ווינציקער ווי אַ העלפט פון אַ גאַנצער שול. ווער עס האָט אַ שטיקל פאָרשטעלונג פון לערן־פּראָצעס פאַרשטייט אַז דאָ איז ניטאָ קיין מאַטעמאַטישער חשבון, און אַז אויב מען לערנט דריי מאָל אַ וואָך און מען קריגט אַ געוויסן סכום קענטענישן, וועט מען־קריגן אַ סך מער ווי טאָפּלט, אויב מען לערנט פינף מאָל אַ וואָך.

הכלל, דריי־מאָל־אין־וואָכיקע און אפילו איין־מאָל־אין־וואָכיקע לערן־אַנשטאַלטן קענען זיין ווען די לימודים־שפּראַך איז די שפּראַך פון דער סביבה, די נאַטירלעכע

שפּראַך פון די וואָס לערנען זיך. פאַרמעסט מען זיך אָבער צו לערנען אויף אַ שפּראַך וואָס איז שווערלעך, וואָס איז האַלב אומבאַקאַנט (און פאַר אַ טייל קינדער איז זי דאָך אין גאַנצן אומבאַקאַנט), האָט מען קיין אַנדער ברירה ניט ווי צו לערנען יעדן נאָרמאַלן אַרבעטסטאָג. דאָס הייסט בשום אופן ניט אַז מען דאַרף שוין אַרויס און שליסן די אַלע דריי־מאָל־אין־וואָכיקע שולן. דאָס באַטייט בלויז אַז מען מוז זיין אומצופרידן מיט זיי, אַז מען טאָר ניט רוען, ביז מען דערשלאָגט זיך ניט אַז פון די האַלבע שולן זאָלן ווערן גאַנצע! און דאָס אַליין איז שוין פאַר זיך אַ גוואַלדיק גרויסע אויפגאַבע. אָבער ווי שווער זי זאָל ניט זיין, קען מען זיך ניט אַרויסדרייען פון איר. און פאַרוואָס?

ווייל אין לעצטן סך־הכל משפּט מען די שול לויט די דערגרייכונגען. אַזוי משפּט ניט בלויז די שפּעטערע צוקונפט, נאָר אויך די עלטערן, און אפילו אויך די קינדער. ווען זיי דערפילן ניט אַז זיי האָבן אויפגעטאָן, אַז זיי טוען כסדר אויף—ווערן אפילו די בעסטע תלמידים גלייכגילטיק, פאַרלירן דעם אינטערעס און סוף־כל־סוף פאַרלאָזן זיי די שול. דעריבער הייסט איבערבויען די האַלבע שולן אין גאַנצע—פאַרזיכערן די צוקונפט פון דער שול.

אוודאי זיינען דאָ פאַראַן גרויסע שוועריקייטן הן פון שטאַנדפּונקט פון בודזשעט, הן פון דעם וואָס עס איז ניט גרינג אונדז איינצורעדן די עלטערן צו שיקן יעדן טאָג די קינדער, און איצט אויך מחמת דעם וואָס עס פעלן אונדז אויס לערערס. אָבער איינזען די שוועריקייטן איז איינס און זיך בייגן פאַר זיי און דעריבער זיך אָפּזאָגן פון דעם עצם פאַרמעסט איבערצובויען די האַלבע שולן אין גאַנצע—איז גאָר עפּעס אַנדערש. קען מען דאָס פאַרגאַנצן די שולן דורכפירן נאָר ביסלעכווייז, אָבער דאָ איז נייטיק אַ קלאָרער פּלאַן און אַ שטענדיקע אָנשטרענגונג.

אָבער דער טייל פון גאַראַנטירן די צוקונפט פון דער שול איז ניט דער שווערסטער. עס האָט אָפּגעלעבט די קליינע שול, די שול מיט איין לערער. זי אימפּאָנירט ניט, זי מאַכט ניט דעם איינדרוק פון אַ שול, פון אַ לערן־אינסטיטוציע וואָס מען קען זיך באַציען צו איר מיט חשיבות. און בפרט נאָך וואָס עס טרעפט זיך אַז זי איז אין ניט קיין צוגעפּאַסטן לאָקאַל, אין אַ געדרונגענעם ווינקל וואו מען קען זיך ניט אַ קער טאָן. די שול מיט איין לערער מוז מאַכן אַ נעבעכדיקן איינדרוק, און דאָס קוילעט אוועק אָן אַ מעסער.

די קליינע שול מוז האָבן גאָר קליינינקע עלטערע קלאַסן. עס איז אומעטיק הן פאַר די קינדער, הן פאַרן לערער דאָס לערנען מיט דריי־פיר קינדער. עס איז גיכער אַ פּריוואַטע לעקציע ווי דאָס נאָרמאַלע אַרבעטן מיט אַ קלאַס. עס פעלט אויס דער קלאַס־קאָלעקטיוו. איין קינד סטימולירט ניט דאָס צווייטע, און דער לערער ווערט ניט סטימולירט פון דער גרופּע. עס ווערט דאָס לערנען צו־מעכאַניש, און מעכאַנישקייט אין לערנען קען ברענגען נוצן דערוואַקסענע, אָבער איז ניט צוגעפּאַסט פאַר יונגע חברה, און ווייל די עלטערע קלאַסן פון דער עלעמענטאַר שול זיינען אַזעלכע קליינע, טייט עס אויך אָפּ דעם חשק ווייטער ממשיך צו זיין דאָס לערנען אין דער מיטלשול. מען האָט ניט געהאַט געניג פרייד פון חברשאַפט, פון גרופּע, פון צוזאַמענלעבן זיך אין אַ קלאַס, אַז מען זאָל וועלן ציען ווייטער דאָס לערנען יידיש. דער אומעט פון דער קליינער גרופּע דערקוועטשט דעם געמיט, מאַכט אָפּדאַרן דעם חשק ווייטער צו לערנען זיך. און ווייל די שול איז אַ קליינע, קען אויך ניט האָבן קיין שום אויפזיכטן

וואָסער דאָס זאָל ניט זיין יוגנט־באַוועגונג אַרום אונדזער שול. פונקט ווי עס איז אַן אומגליק די גאָר גרויסע שול מיט אַ סך הונדערטער תלמידים, וואָס דערלאָזט ניט אַז עס זאָלן זיך שאַפן די נייטיקע פאַרבינדונגען צווישן לערער און תלמיד, אַזוי איז אויך ביטער די גאָר קליינע שול וואָס שאַפט ניט די גרופּע פאַר די תלמידים.

די קליינע שול שטעלט דעם לערער אַזוי פיל פאָדערונגען וואָס ער קען זיי בשום אופן ניט נאָכקומען. ער איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש, דער לערער. און מען פאַרלאַנגט פון יעטווידן לערער, ער זאָל זיין אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר, אַ מין ראַביי פאַר אַ קליינער קאָנגרעגאַציע, אַ פאַרוויילער, אַ געלט־קלייבער, אַן אויסטראַכטער פון כלערליי פּראָגראַמען, און דערצו נאָך אַזאַ איינער וואָס זאָל קענען זיין אַ גוטער לערער הן ביים לערנען קינדער לייענען און שרייבן אָדער שפּאַלטן דאָס מויל אויף יידיש, הן ביים לערנען געשיכטע צי העברעאיש מיט די קינדער פון דעם לעצטן לערניאָר. אַלץ אין איינעם איז ניטאָ ביי קיינעם. אָדער עס הינקט איין זאַך אָדער אַ צווייטע. און אַזוי ווי עס איז אויסגעקומען צו זען אַ סך לערערס ביי דער אַרבעט, זאָל דאָ געזאָגט ווערן אַז עס טרעפט זיך געגנוג אָפט, אַז אַן אויסגעצייכנטער לערער מיט קליינוואַרג איז אומבאַהאָלפן, ווען ער דאַרף לערנען מיט אַביסל עלטערע, און דאָס פאַרקערטע טרעפט זיך אויך גאָרניט זעלטן. און דאָ קומט צו נאָך זייער אַ וויכטיקער מאָמענט: לאָמיר זאָגן, אַז דער אַלטער לערער, פון דער אַלטער היים דער געקומענער— ער טויג זיך אויס אויף אַלץ, אָבער דער הי־געבאָרענער לערער קען זיכער ניט זיין גוט אויף אָט די אַלע פאַרשידענע פּראָגנטן. אַפילו אַ מלאך טוט דאָך אויך ניט מער ווי איין שליחות. די הי־געבאָרענע לערערס, די יונגע, זיי ווערן זיין זייער גוט פאַר די יינגערע קלאַסן, מיט דער צייט וועט אַ קליינער טייל פון זיי זיך דערלערנען, זיך אַרויפּ־אַרבעטן אין זייער יידיש וויסן צו זיין גוט אויך פאַר דער מיטלשול. אָבער ביז וואָס־ווען, בעת עס קומט אויס אַריינצוציען שוין די יונגע לערערס, זיינען זיי צוגעפּאַסט ס'רוב נאָר פאַר די יינגערע קלאַסן. די אַלע שוועריקייטן ווערן פון זיך פאַרענטפערט אין אַ גרעסערער שול, מיט עטלעכע לערערס. אין אַזאַ שול איז אויך מעגלעך צו האָבן פּאַראַלעלע קלאַסן און אָפּטיילן די וואָס קומען אָן שום יידיש־קענטעניש פון די וואָס טרעטן אַריין אין דער שול מיט עפּעס אַ באַגאַזש יידיש. אין דער איין־לערער־שול קען מען מיט קיין שום פּראָבלעם וואָס איז דאָ אָנגערירט געוואָרן קיין שום עצה זיך ניט געבן.

מוז מען האָבן פאַר זיך אַ וויזיע פון אַ סך אַ גרעסערער שול, מיט עטלעכע לערערס, מיט קלאַסן וואָס לערנען גלייכצייטיק. אַזאַ שול האָט אַ פּרינציפּאַל, אַ מנהל, וואָס ער איז דער אָרגאַניזאַטאָר, דער דורכפירער פון די באַשלוסן פון דער פאַר־וואַלטונג, דער גייסטיקער פירער פון דער גרופּע טוערס און עלטערן, וואָס ער האָט אַרום דער שול, און דער אויפפּאַסער איבער דער אַרבעט. דער לערער איז בלויז אַ לערער און אַ דורכפירער פון יענע דערציערישע אַרבעטן חוצן קלאַס וואָס פאַלן אויף זיין חלק. אין אַזאַ שול לערנט זיך דער לערער אויס צו אַרבעטן אין איינעם מיט חברים, צו זיין אַ מיטגליד פון אַ חברותא, צו געניסן פון דעם חברס דערפאַרונגען און פון די אָנווייזונגען פון געניטערע. לוידער איז ביז איצט ביי אונדז אַזאַ מצב אַז יעדער לערער איז איינגעשלאָסן אין זיין שאָלעכץ. ער מעג זיך האָבן צענדליקער יאָרן פּראַקטיק, אָבער דאָס איז נאָר זיין אייגענע פּראַקטיק. ער האָט ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צו זען ווי עס לערנט מיט אַ קלאַס זיינער אַ חבר. דער לערער ווערט

צו־שטאַרק אינדיווידואַליסטיש איינזייטיק. ער ווערט אַ מושל בכיפה, קיינער קען אים קיין דעה ניט זאָגן, און ער זייגט דאָס גאַנצע לעבן זיין אייגענע לאַפּע. נאָר ווען עס איז פאַראַן אַ שטענדיקער, מעג עס אפילו זיין קליינער, לערער־ראַט פון די עטלעכע חברים, וואָס אַרבעטן טאָג־טעגלעך אין איינעם, איז פאַראַן באמת אַ טיילן זיך מיט דערפאַרונגען און אַ כסדרדיק צולערנען זיך. דער קליינער חברשער קאָלעק־טיוו איז אַן אָנרעגנדיקער, אַן אינספּירירנדיקער כוח. ער גיט די מעגלעכקייט אַזוי איינצוטיילן די אַרבעט אַז יעדערער זאָל טאָן דאָס צו וואָס ער איז מער פון אַלץ צוגעפּאַסט.

צוליב דעם קינד, צוליב דעם לערער—מוזן מיר האָבן גרעסערע שולן. און אויך צוליב די עלטערן. איך האָב שוין דערמאָנט אַז די שול מוז וועקן חשיבות, און אויב אונדזער עלטערנשאַפט איז איצט שוין אַ היי־געבאָרענע איז עס אַנדערש ניט מעגלעך. מיר קענען אויף אַן אַנדער אופן ניט צוציען די עלטערן. דאַרף דער דרויסנדיקער אויסזען פון דער שול זיין אַזאַ אַז ער זאָל אימפּאָנירן, מאַכן אַ לייטישן איינדרוק, און אויך דער אינעווייניק פון דער שול דאַרף וועקן דרך־ארץ, נאָך איידער מען באַקענט זיך מיט דעם. און ווען עס קומען זיך צונויף די עלטערן, טאָרן זיי דאָך אויך ניט האָבן די פאַרשטעלונג אַז זיי זיינען נאָר עטלעכע, אַ קליין הייפל. כדי עס זאָלן קענען באמת פונקציאָנירן אַן עלטערן־גרופּע, עס זאָלן זיין מעגלעך קורסן פאַר די עלטערן, געוויסע באַזונדערע טעטיקייטן פון אַ מוטערס־קלוב און ענלעכס—אויף דעם אַלעם איז ווידער נייטיק אַ גרעסערע צאָל ווי די וואָס מיר קענען האָבן אין אונדזערע איצטיקע קליינינקע שולן.

אונדזער יידישע שול קען האָבן אַ קיום נאָר ווי אַ צענטער פאַר אַ געגנט, ווי אַ מין קאָנגרעגאַציע פאַר אַזעלכע יידן, וואָס זיינען געוויינטלעך אין קיין אַנדער קאָנ־גרעגאַציע ניט אָנגעשלאָסן, אָדער האָבן גאָר אַ קנאַפּע שייכות צו דעם קאָנגרעגאַציע־לעבן וואָס דרייט זיך אַרום אַ טעמפּל צי אַ בית־הכנסת. די שול דאַרף ממלא זיין דאָס וואָס עס פעלט אין לעבן פון די צעוואָרפענע יידישע יחידים. נאָר ווען די עלטערן זיינען באמת צוגעצויגן צו דער אַרבעט אַרום דער שול, איז מען זיכער אויך מיט די קינדער. מוז יעטווידע שול זיין אַ באמתדיקער קולטור־צענטער. יעטווידע שול באַמיט זיך דאָס צו זיין. נאָר וואָס קען זי טאָן אין איר קליינקייט און ווי קען זיך צעריסן דער איין לערער פאַר אַלע מינים אויפגאַבעס וואָס שטייען פאַר אַ קולטור־צענטער? אַלץ וואָס מען טוט איז ניט גענוג, באַקומט אַלץ אַ נעבעכדיקע פאָרעם—און די בעסטע כוונות און די גרעסטע אָנשטרענגונגען גייען אין ניוועץ. איז פאַראַן איין איינציקער אויסוועג—וואָס מער צו קאָנצענטרירן די כוחות, כדי זיי צו פאַר־וועגדן עקאָנאָמישער און מיט מער פּעולה.

די פאַרוואַלטונגען אונדזערע זיינען אויך מחמת דער קליינקייט פון דעם שול־פאַרמעסט קליינע גרופּקעלעך. זיי ווערן איינגעשלאָסן און פאַרדאַרט אין זייער באַ־שיידנקייט. עס שאַפט זיך אַ מין עקסקלוזיווקייט. מען איז פּסיכאָלאָגיש ניט געניג גרייט אַריינצונעמען נייע מענטשן, וואָרעם מען האָט צו־לאַנג געאַרבעט אין איין און דעם זעלביקן קליינעם קרייז. מיר האָבן אַ סך פאַלן אַז ווען שולן האָבן זיך פאַר־אייניקט, האָט זיך עס פאַרענדיקט מיט דעם אַז עס זיינען געבליבן ביי דער פאַר־אייניקטער שול נאָר איין גרופּע פון די צוויי וואָס זיינען פריער געווען. מען האָט

פשוט ניט געקענט פּועלן ביי זיך צו זיין ברייטער, צו זיין פֿריינדלעכער צו די „נייע״. מען מוז זיך באַפֿרייען פֿון אָט דעם שטריך! עס איז פֿאַראַן אויך אין אַ טייל פֿאַרוואַלטונגען אַ מין אָפּגעשלאָסנקייט וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַ משפּחה. אָבער אַ פֿאַרוואַלטונג מוז זיין ברייטער און אָפֿענער פֿאַר זייטיקע ווי עס איז אַ משפּחה־קרייז אָדער אַן ענגער אידעאָלאָגישער קרייז. מען הערט ביי אונדז כסדר די פֿראַגע: ווי אַזוי ציט מען צו נייע מענטשן? אָבער מען מעג אויך פֿרעגן: וואָס טוט מען צוצוציען די נייע מענטשן? און ווי באַגייט מען זיך מיט די וואָס קומען צו? צי מאַכט מען זיי גענוג באַקוועם זיך פֿילן? צי האָבן מיר טאַקע די גרייט אויסגעשפּרייטע אָרעמס אויפֿצונעמען די נייע? און עס איז פֿאַר אונדז אַ חוב אָט די גרייטקייט צו באַזיצן כדי צו קענען האָפֿן אויף נייע כוחות, כדי זיך צו באַרייכערן מיט נייע מענטשן. און פּונקט ווי דער לערער וועט דאַרפֿן זיך אויסלערנען צו אַרבעטן מיט חברים אין איינעם, אַזוי דאַרפֿן די פֿאַרוואַלטערס זיך צוגעוואוינען אויסצוקומען מיט אַ סך אַ גרעסערן קרייז.

איידער עס קומען אויף די אַלע אַנדערע שוועריקייטן, איז נייטיק זיך צו באַנייען, גובר צו זיין איינריידעניש און זיך אַליין איבערצודערציען. אין אונדזער קרייז האָט מען ווינציקער ווי אין די אַנדערע יידישע קרייזן זיך געזאָרגט וועגן דעם יורש. מיר גיבן נאָך ניט אויף אונדזערע פּאָזיציעס—אָט דאָס איז די שטימונג היינט צו טאָג. באמת די הערשנדיקע שטימונג וואָלט געדאַרפֿט זיין—מיר אַרבעטן און שטרענגען זיך אָן פֿאַר דעם יורש, פֿאַר דעם יינגערן, וואָס דאַרף קומען און איבערנעמען אונדזער פּאָזיציע. דאָס זוכן דעם יורש, דאָס בענקען נאָך אים, דאָס איינעקשנען זיך אַז אָט דאָס איז דאָס וויכטיקסטע וואָס אונדז בלייבט נאָך איבער דורכצופֿירן אין לעבן—אָט די איינשטעלונגען דאַרפֿן אונדז אַזוי באַהערשן אַז דאָס זאָל ווערן אונדזער הויפּט־אַמביציע, אונדזער עיקרדיקער אינטערעס. אָבער צי זוכן מיר אים טאַקע, דעם יורש? און צי זיינען מיר פּסיכאָלאָגיש גרייט זיך אַליין אַביסל אומבאַקוועם צו מאַכן כדי אים אויפֿצונעמען ווי דעם קומענדיקן בעל־הבית? איך האָב מורא אַז דערווייל איז עס ניט אַזוי. און דאָס איז איינע פֿון די סיבות, פֿאַרוואָס אָט דער נייטיקער יורש, דער גאַראַנטירער פֿון דער צוקונפֿט, ווייזט זיך אין אַזאַ קליינער מאָס.

פֿון איין זייט לעכצן מיר ניט גענוג שאַרף נאָך דעם וואָס דאַרף איבערנעמען אונדזער אַרבעט און פֿון דער צווייטער זייט איז פֿאַראַן ערגעצוואו אין די הינטער־געדאַנקען דער אומבאַרעכטיקטער פּעסימיזם אַז אָט דער יורש קען ניט און וועט ניט קומען. ערגעצוואו זיינען מיר דערווייל אַזוי קורצזיכטיק און אַזוי עגאָאיסטיש ווי לואי דער פֿופֿצנטער וואָס האָט געזאָגט—„נאָך מיר מעג קומען דער מבול!״ מיט הרהורים פֿון אַזעלכע ניט־אַרויסגעזאָגטע דעסטרוקטיווע מחשבות עסן מיר זיך אַליין אויף און זינקען אין אַ תהום פֿון אַ פֿענטנדיקן פּעסימיזם. פּונקט ווי ס'קען זיין אַ העברעאישע שול מיט ענגליש־רעדנדיקע טוערס, אַזוי קען זיין נאָך דורות לאַנג אַ יידישע שול מיט ענגליש־רעדנדיקע (און אַביסל אויך יידיש־רעדנדיקע) טוערס.

אויב מיר זעען דעם יורש, טראַכטן מיר וועגן די קינדער אין די שולן. אָבער דאָס איז אַזוי צו זאָגן דאָס אייניקל. מיר דאַרפֿן ראשית כל האָבן די דרייסיק־פֿערציק־יאָריקע, וואָס זאָלן בקרוב און צו־ביסלעך איבערנעמען אונדזער עול. דער דור טוערס, וואָס איז שוין אַלט געוואָרן ביי דער אַרבעט פֿאַר דער שול, נייטיקט זיך אין דעם דור

זין און טעכטער, און אויב די אייגענע האָט מען ניט געגוג צונעצויגן (אויך פון צווישן זיי קען מען נאָך געפינען גענוג דירעקטע יורשים!), קען מען זיך ארויסלאָזן ווערבירן די וואָס מען דארף זיי מדריך זיין, זיי טוליען צו זיך, זיי זאָלן זיין פעאיק און ווילִיק איבערצונעמען די ארבעט אין די פארוואלטונגען.

איז דאָס סאַמע ערשטע געבאָט—די אמונה אין דער שול אז זי וועט בלייבן אויך נאָך דעם ווי דער איצטיקער דור וועט האָבן פארענדיקט זיינע חשבונות מיט דער וועלט. מיר זיינען צו־קורצזיכטיק פראקטיש און קלערן וועגן דעם קומענדיקן יאָר, בעת מען דארף אפשר נאָך מער זיך זאָרגן וועגן צען יאָר ארום, וועגן פופצן יאָר ארום. מען דארף פלאַנירן אויף ווייטער, אויף שפעטער, וואָרעם אָן דעם פלאַנירן וועט קיין ווייטער און קיין שפעטער אוודאי ניט זיין. פון זיך קומט קיין זאַך ניט.

קען זיין אז די קללה פון קורצזיכטיקייט הויערט איבער א סך פארשידענע אינ־סטיטוציעס וואָס דער דור אימיגראַנטן האָט אויפגעשטעלט. לאָמיר זי אָבער אראָפ־נעמען פון דער שול! און כדי דעם יורש צוצומאַניען צו זיך איז נייטיק די גרעסערע שול. אַניט איז דאָ די סכנה אז ער וועט אונדז פשוט ניט דערזען.

מען קען ענטפערן: „גוט, איר האָט אונדז איבערגעצייגט—מען קען זיך מער ניט פארלאָזן אויף דער קלײנ̇ער שול מיט איין לערער, מען דארף טאַקע האָבן א גרעסערע שול מיט עטלעכע לערערס, אין א פיינעם לאָקאַל, א שול וואָס זאָל דינען ווי א קולטור־צענטער אאז"וו. עס איז אַלץ גוט און פיין, שכלדיק און ריכטיק. אָבער דאָס איז דאָך אוממעגלעך! מיר זיינען דאָך ניט פאַר אייך געדאַכט, קבצנים. וואָס־זשע קומט איר אָפּלאַכן פון אונדז און דערציילט אונדז וועגן בראָדסקים גליקן? מיר ווייסן אַליין אז עס איז גוט צו זיין רייך."

אזא צוגאַנג איז פאלש שבפאלש. קיין קנעכט האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט באַ־פרייט, איידער ער האָט ניט דערפילט דעם ווייטאָג און די חרפה פון זיין א קנעכט. און צי איז דען ניט די גאַנצע וועלט־באוועגונג צו הייבן דעם פשוטן מענטשן ניט באַזירט ראשית כל אויפן וועקן דעם אַפּעטיט זיך צו דערהייבן צו מענטשלעכער חשיבות? ווי קען מען שטייגן פון א נידעריקן שטאַפּל אויפן סאָציאַלן לייטער צו א העכערן, אויב מען פארמעסט זיך ניט א שפרייז צו טאָן פאָראויס? אויף דעם זעלביקן אופן איז אויך דאָ ריכטיק די טענה: דערפילט דעם איצטיקן נידעריקן מעמד, ווילט, שטרעבט, באַמיט זיך צו מער, צו גרעסערס!

„אָבער מיר קענען ניט מער, מיר קענען ניט אנדערש . . ."—וועט מען ווייטער זיך פארטיידיקן. און אויך דאָס איז ניט אזוי. דער ערגסטער שונא פון פראָגרעסיר איז דער לאָז־מיך־גענוג. מיט רייד: „מיר האָבן שוין פינף און צוואַנציק יאָר אזוי געאַרבעט און עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז דאָס אַרבעט",—מיט אזעלכענע רייד וועט מען בלייבן פארגליווערט אין דעם איצטיקן מצב, ביז דער באָדן וועט זיך אין גאַנצן ארויסגליטשן פון אונטער די פיס. אזוי ווי פריער—אַרבעט ניט מער. און נאָך ערגער—עס קען אין דער נאָענטסטער צוקונפט ניט אַרבעטן. מיר מוזן גיין אויף נייע דרכים, זיך אָנשטרענגען א סך מער ווי פריער, זיך פארמעסטן אויף גרעסערס כדי אויפצובויען א פעסטערן בנין ווי ביז איצט.

אוודאי זיינען דאָ פאראַן גרויסע פינאַנציעלע שטערונגען, אָבער מען קען זיי נובר זיין. אוודאי וועט מען מוזן האָבן אויטאָבוסן וואָס זאָלן ברענגען די קינדער

פון א סך א גרעסערער געגנט. אָבער מען האָט אויך שוין דעם עקספּערימענט גע־מאַכט אין א פּאָר פּונקטן, און ער האָט זיך דאָך איינגעגעבן. קען מען אים דורכפירן אויך דאָרטן וואו מען האָט אים דערווייל ניט אויסגעפּרואווט. און ווען עס איז קיין אַנדער ברירה ניט געווען און מען האָט פון א דירה אַרויסגעוואָרפן, זיינען דאָך שוין דאָ- געגנוג פאַלן, ווען מען האָט אויפגעשטעלט אָדער געקויפט פאַר זיך א הויז. איז צו־וואָס זאָל מען שטענדיק וואַרטן ביז דער חלף ליגט אויפן האַלדז? פאַראויסזען איז דער מיטל זיך צו פאַרזיכערן די מיטלען צו גיין פאַראויס. דאַרף מען פאַראויס־זען די גרעסערע, פיל־לערערדיקע שול ווי דאָס בילד פאַר דער נאָענטער צוקונפט און זען צו גיין צו איר.

פאַר יעטווידער פּריוואַטער און געזעלשאַפטלעכער אונטערנעמונג איז נייטיק א וויזיע, א פאָרשטעלונג וואָס מען האָט ביים שטעלן זיך דעם קאָנקרעטן ציל. אָן דר. חיים זשיטלאָווסקים חלום נאָך אין די 90ער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט וועגן צענדליקער טויזנטער יידישע קינדער אין די פאַרשידנסטע יידישע שולן אויף יידיש, וואָלט ניט געקענט אויפקומען די יידישע שול. אָן אונדזער אַלעמענס וויזיע וועגן א יידישער שול פון א 150 - 200 קינדער מיט א 4 - 5 לערערס, מיט א קינדערגאָרטן דערביי, אפשר אויך מיט א פּאָר נאָרמאַלע קלאַסן פון א יסוד־שול, א שול א קולטור־צענטער פאַר דער אַרומיקער געגנט,—אָן אַט אַזא פאָרשטעלונג האָבן מיר ניט צו וואָס קאָנקרעט צו שטרעבן. אָן אָט אַזא פאָרשטעלונג, וואָס קען זיך אָפּדרוקטן מיט צופיל פּרעטענזיעס, אָבער אין דער אמתן איז דאָס א באַשיידענער ציל, לאָזט זיך קוים אַרויסרופן נייע ענערגיע, וואָס מיר נייטיקן זיך אין איר כדי צו באַזיגן אין זיך גופא דעם פּעסימיזם און אין דרויסן דעם ניט־פרייל‌עכן צושטאַנד פון אונדזער שול־סיסטעם.

אויב מיר ווילן אַז אונדזער שול־באַוועגונג זאָל זיך א ביסל א באַוועג טאָן, דאַרפן מיר אָנשאַרפן אונדזער ראיה און דערזען דעם מעגלעכן, דערגרייכלעכן, אָבער דאָך צוציענדיקן ציל וואוהין זיך צו באַוועגן. בכן, דאַרף די פאָרשטעלונג וועגן דער גרעסערער שול מיט עטלעכע לערערס ווערן ביז גאָר פאָפּולער אין אונדזערע רייען. יעמאָלט וועט מען אויפהערן צו זיין אומשעפעריש באַשיידן.

די צרה באַשטייט דאָך אויך אין דעם, וואָס אויב די שול איז א האַלבע און זי האָט שוין דרייסיק קינדער, הערט דער לערער אויף צו אַלאַרמירן די פאַרוואַלטונג אַז עס זיינען קיין תלמידים ניטאָ, הערט ער אויף צו מאָנען, צו שטויסן מען זאָל פּרואוון ווערבירן נייע קינדער, און דאָס אייגענע איז אויך ווען א גאַנצע שול האָט א 50 - 60 קינדער. די קנעלונג איז צונויפגעשטעלט—און דיינו, גענוג פאַר אונדז. אָבער אויב די האַלבע שול זאָל שטענדיק באַטראַכט ווערן ניט מער ווי א שוועל צו א שול, ווי א פּרואוו צו דערגיין, צי מען קען בכלל אין דער געגעבענער געגנט עפּעס אויפטאָן, כדי מען זאָל וואָס גיכער אַריבער צו א גאַנצער שול: אויב א גאַנצע שול מיט איין לערער זאָל זיין ניט מער ווי אַן אַרויסרוף פאַר דעם קרייז אַרום דער שול זיך אויסצובררייטערן, צו קריגן נאָך א געהילפס־לערער, און אַזוי ווייטער און ווייטער —ערשט יעמאָלט איז פּראַקטיש מעגלעך צו דערגיין צו די גרעסערע שולן וואָס מען קען האָבן הנאה פון זיי און זיך זעצן שעפּן נחת פון דעם אויפטו. לאָמיר ראשית כל האָבן גרעסערע שול־אַפּעטיטן! לאָמיר זיך אַזוי גרינג ניט אָנזעטיקן!

מיר האָבן דאָ פאַרבייגייענדיק דערמאָנט אַן אויסדרוק—„יסוד־שול". לאָמיר זיך

א ביסל אָפּשטעלן אויף דעם. מיט דעם טערמין באַצייכנט מען אַזאַ שול וואָס איז מער ווי די נאָכמיטאָגדיקע דערגאַנצונג־שול און איז ווייניקער ווי די פולע טאָגשול. א יסוד־שול איז א שול פון א 2־3 ערשטע יאָרן נאָרמאַלע פּאַבליק־סקול, וואָס ווערט געבויט כדי אין די יונגע יאָרן אָנצוזאַמלען אַזוי פיל יידישע שטימונגען און קענטעניש אַז דאָס קינד זאָל שפּעטער קענען מיט נוצן ממשיך זיין די יידישע דערציאונג אויך אין דער נאָכמיטאָגשול. דער געדאַנק איז אַזאַ: אויב א קינד אין עלטער פון 3־4 יאָר קומט אָן אין א יידישן קינדערגאָרטן, אויב עס גייט א צוויי יאָר אין דעם קינדערגאָרטן און נאָך דעם לערנט זיך עס נאָך 2־3 יאָר אין א יידישער שול, וועט עס צום עלטער פון 8־9 יאָר האָבן געגנוג חשק און געגנוג קענטענישן פון שפּראַך, עס זאָל קענען מיט פּעולה זיך לערנען אין דער גאַנצער נאָכמיטאָג־שול, און די שול זאָל יעמאָלט אים טאַקע קענען מאַכן פאַר א "מענטשן". אָט אַזאַ טיפּ יסוד־שול איז אויסגעפּרואווט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג פון די אָנהענגערס פון דער העברעאישער דערציאונג. און עס לייגט זיך אויפן שכל אַז אַזוינס איז זייער א גוטע זאַך פאַר דער יידישער שול.

א יסוד־שול האָט צו טאָן מיט יענעם עלטער פון די קינדער, ווען די עלטערן זאָרגן זיך צום מערסטן וועגן זיי. א יסוד־שול צעמענטירט צונויף אַרום דער שול א גרופּע עלטערן, וואָס זיינען צופרידן מיט די רעזולטאַטן פון דער שול און וואָס וועלן שוין ניט אַזוי גרינג אויפהערן זאָרגן וועגן דער יידישער דערציאונג וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויף א ברייטן פאַרנעם. א יסוד־שול איז אויך אָין לשער גרינגער דורכצופירן אין לעבן איידער א גאַנצע טאָג־שול, וואָס מיט יעדן ווייטערן קלאַס ווערט זי אַלץ א גרעסערע לאַסט. שטעלט זיך דעריבער פאַר אין אייער צוקונפט־בילד אַז א טייל גרעסערע שולן ווערן פון נאָכמיטאָג־שולן פאַרוואַנדלט אין יסוד־שולן. א קינדערגאָרטן מוז דאָך סיי ווי זיין ביי יעדער גרעסערער שול.

פאַרוואָס־זשע זאָל מען ניט שטרעבן צו מער? פאַרוואָס זאָל מען ניט איינזען אַז די צוקונפט איז אָפּהענגיק בלויז פון טאָגשולן? אַזוי טענהן טייל פריינד. עס דאַכט זיך אונדז אַז אין דעם איז טאַקע פאַראַן א סך אמת, אָבער אויך א סך סכנה. אוודאי דאַרף מען שטרעבן אויפצושטעלן טאָגשולן. לאָמיר זיך אַלע ווינטשן אַז אין פינף יאָר אַרום זאָלן זיין פינף טאָגשולן פון ארבעטער־רינג איבער די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס איז א גרויסער, א נאָבעלער און א שווערער ציל. אָבער צי וועט ווערן פאַרענטפערט די פראַגע וועגן אונדזער מין יידישע דערציאונג מיטן אויפשטעלן אָט די עטלעכע טאָגשולן? צי וועט מען קענען זיך באַנוגענען מיט זיי? און אויב ניט— וועט מען דאָך סיי ווי דאַרפן אָנקומען צו די נאָכמיטאָג־שולן. און אין זיי וועלן שטענדיק זיין א סך מער קינדער ווי אין די טאָגשולן, ווען מיר וועלן זיי שוין האָבן אין א געוויסער צאָל. לאָמיר ניט ריידן וועגן די שוועריקייטן ביים בויען טאָגשולן. לאָמיר זאָגן אַז דאָס וועט מען גובר זיין (די גרעסערע נאָכמיטאָג־שולן קענען דאָך אויך ניט אָנקומען גרינג). אָבער צי האָבן מיר אויסזיכטן פאַר דעם גרויסן רעזערוואַר עלטערן וואָס זאָלן זיין גרייט און ווילי̇ק אויף קרבנות צו שיקן די קינדער אין וועלטלעכע טאָגשולן? דערווייל ווייסן מיר אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן בלויז די אָרטאָדאָקסן געהאַט דערפאָלג מיט זייערע ישיבות און אַז אפילו די קאָנסערוואַטיווע קרייזן האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע עלעמענטן וואָס די יידישקייט פון א טאָגשול איז פאַר זיי צו־געדיכט. וואו וועלן מיר נעמען אַזעלכע עלטערן וואָס זאָלן

אָנפּילן מיט זייערע קינדער אונדזערע שולן, אויב זיי זאָלן אַלע ווערן טאָגשולן? בכן, ווי אַ טײלווײזער ציל, ווי די העכסטע אָנשטרענגונג, ווי אַ שול פאַר די וואָס דאַרפן ווערן שפּעטער די לערערס, די פירערס, פאַר די וואָס מען דאַרף זיי פאַרקאָווען פון אַלע זייטן מיט אונדזער מין יידישקייט, איז די טאָגשול אַ מוז, אַ נויטווענדיקייט. אָבער אויף וויפל מיר בלייבן רעאַליסטן, איז די טאָגשול ניט דער איינציקער און אלייניקער מוסטער פון דער צוקונפט־שול צו וועלכער מען זאָל שטרעבן מיט עפּעס אַ שאַנס צו דערגרייכן דעם ציל. דאָ איז חס־וחלילה ניטאָ קיין שום כוונה צו מינערן די באַגייסטערונג פאַר טאָגשולן אָדער אָפּשוואַכן עמעצנס הענט וואָס בויען טאָגשולן. דאָ איז נאָר פאַראַן די באַוואָרעניש, אַז מען זאָל ניט פאַרגעסן וועגן דער נאָכמיטאָג־שול, שטרעבנדיק אויך צו דער טאָגשול.

דער שטאַנדפּונקט איז אַזאַ: אויב עס לאָזט זיך, אויב עס זיינען פאַראַן וואָסערע ניט איז מעגלעכקייטן אויפצושטעלן אַ טאָגשול—זאָל דאָס זיין דער גרויסער ציל. אויב אָבער אין געוויסע קאָנקרעטע באַדינגונגען איז עס ניט מעגלעך, דאַרף מען ניט אַראָפּלאָזן די הענט און זאָגן—אָדער טאָגשול אָדער לאָזן אַזוי ווי עס איז. ניין! אויב מען קען ניט האָבן קיין טאָגשול, דאַרף מען שטרעבן צו אַ יסוד־שול וואָס איז ווייניקער און גרינגער. און דער עיקר אָבער—מען דאַרף מיט אַלע כוחות זען איבער־צובויען אונדזער שול־סיסטעם אַז עס זאָל נעמען אַ סוף צו די קלייניקע שולן מיט איין לערער אָדער אַפילו מיט אַ האַלבן לערער.

אַלע רייד וואָס זיינען דאָ אויסגעגאָסן געוואָרן שפּרודלען אַרויס פון דער טיפער, קוואַליקער אמונה אַז נאָך לאַנג איז מעגלעך אויף דורות דעם קאָנטינענט די שול מיט דער יידישער לימודים־שפּראַך. מיר האָבן אַזאַ גרויסע ירושה פון טויזנט יאָר מזרח־אייראָפּע, אַז מיר זיינען בכוח נאָך לאַנגע דורות מיטצושפּילן אין דעם אָרקעס־טער פון דער קולטור־שאַפונג פון יידישן פאָלק. און פון אונדז ווענדט זיך עס, צי מיר פאַרטאַכלעווען די ירושה, צי מיר פאַרגרעסערן זי. פון אונדזער וויזיע, פון אונדזער ווילן, פון אונדזערע אָנשטרענגונגען איז אָפּהענגיק די צוקונפט פון דער יידישער שול אין אַמעריקע. קיינער האָט קיין שום שלעכטן פּסק־דין וועגן איר ניט אַרויסגעטראָגן, און עס איז ניטאָ קיין שום היסטאָריש־נויטווענדיקער קער וואָס זאָל אונדז לאָזן ערגעץ אין אַ זייט. עס גייט אין אונדז, עס איז אָפּהענגיק פון אונדז.

מיר דאַרפן דערזען די יידישע שול פון דער צוקונפט און מיר דאַרפן זיך אַ לאָז טאָן צו איר. ווען מיר האָבן יורשים, וועט די באַמיאונג פון אונדזער דור ניט גיין לאיבוד, וועלן מיר זיך אַריינרייען אין דער יידישער געשיכטע ווי אַ שעפערישע תקופה.

„ווי וועלן מיר קענען?"—קוועטשט מיט די פּלייצעס דער סקעפּטיקער.

„ווי קענען מיר ווען?—איז אָבער די ערשטערע, די פּריערדיקערע און וויכטי־קערע פראַגע. און אויב מיר וועלן קענען וועלן, וועלן מיר אויך קענען.

פנחס שווארץ

# די שול־פראַגע—אַ צענטראַלע פראַגע פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס

.1

דער קומענדיקער אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס און די אַלוועלטלעכע יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע, וואָס דער קאָנגרעס וועט אמווארשיינלעכסטן נאָך זיך איבערלאָזן, שטעלן זיך קלאָרע צילן: קאָאָרדינירן יידישע קולטור־טעטיקייטן אין דער גאַנצער וועלט; העלפן מיט ראַט און טאַט בויען נייע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס דאָרטן, וואו מען האָט ביז איצט נישט באַוויזן דאָס צו טאָן מיט בלויז אייגענע כוחות; סטימולירן יידישע קולטור־אַרבעט דאָרט, וואו אַפּאַטיע אָדער אינערץ באַדראָט אונדזער ביז־איצטיקן קולטור־באַזיץ אָדער האָט אָפּגעשטעלט דעם ווייטערדיקן וואוקס; רעפּרעזענטירן די יידישע קולטור אין אַלוועלטלעכן מאסשטאַב לגבי דער אינערלעכער און אויסערלעכער וועלט און סימבאָליזירן מיט זיך דעם פאַקט, אַז כאָטש צעוואָרפן איבער דער גאַנצער וועלט, איז די יידישע קולטור—די יידיש־קולטור—איין איינהייטלעכער גייסטיקער אָרגאַניזם.

דאָס זיינען די צילן, וואָס דער יידישער קולטור־קאָנגרעס וויל דערגרייכן. פון דעם דרינגט קלאָר, וואָס ער האָט נישט בדעה אריינצונעמען אין זיין פּראָגראַם. טייל געשוואוירענע קולטור־קיביצערס ווילן, צום ביישפּיל, איינרעדן דעם קולטור־קאָנגרעס, אַז ער זאָגט־צו צו „שאַפן" יידישע קולטור. ניין, די איניציאַטאָרן פון קולטור־קאָנגרעס איז קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז דורך גוטע באַשלוסן אָדער דורך אָרגאַניזאַציע קען מען „שאַפן" קולטור. דער קולטור־קאָנגרעס וועט נישט זיין קיין קולטור־אַלכעמיקער. זיין אויפגאַבע וועט זיין צו שטיצן עקזיסטירנדיקע קולטור־שאַפונגען, צו סטימולירן פּאָטענציעלע קולטור־טעטיקייטן, צו פאַראייניקן צעשפּליטערטע קולטור־כוחות, איינצושטעלן אַן אויסטויש פון יידישע קולטור־ווערטן צווישן די צעוואָרפענע יידישע ישובים.

אַ צענדליק קאָמיסיעס ביים אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָבן געאַרבעט די לעצטע 4 חדשים איבער קאָנקרעטע טעטיקייטס־פּלענער. אין איצטיקן מאָמענט זיינען די פּלענער שוין פאַרטיק. דאָס זיינען נישט קיין לופטיקע פּלענער וועגן אַלץ אין דער וועלט. דאָס זיינען קאָנקרעטע, רעאַלע פּלענער פאַר די נאָענטסטע צוויי יאָר צייט,— פּלענער געשטיצט אויף רעאַלע בודזשעטן און רעאַלע אויסזיכטן. נאָך מער: עס ווערט אַלץ געטאָן, אַז די רעאַליזירונג פון דידאָזיקע פּלענער זאָל נישט אָפּגעלייגט ווערן ביזן קאָנגרעס. דער קומענדיקער קאָנגרעס וועט זיכער מיט באַפרידיקונג אַקצעפּטירן דעם פאַקט וואָס דער אָנהייב פון דער פּראַקטישער אַרבעט איז געמאַכט געוואָרן נאָך איידער דער קאָנגרעס איז זיך צוזאַמענגעקומען.

אין וואָס באַשטייען דידאָזיקע קאָנקרעטע פּלענער? וואָס איז די פּראַקטישע אַרבעט, וואָס מען הייבט שוין אָן צו טאָן? עטלעכע ביישפּילן:

די קאָמיסיעס פאַר יידישער מוזיק, קונסט און נישט־פּראָפּעסיאָנעלער טעאַטער־קונסט (דראַמאַטישע קרייזן, נישט־פּראָפּעסיאָנעלע דעקלאַמאַטאָרן, רעציטאַטאָרן, א.א.) האָבן דערלאַנגט דעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט און זיין אויספיר־ביוראָ פּראָיעקטן צו שאַפן וועלט־פאַרבינדונגען פאַר יידישער מוזיק, פּלאַסטישער קונסט און נישט־פּראָפּעסיאָנעלער יידישער טעאַטער־קונסט. דידאָזיקע קאָמיסיעס האָבן באַקומען דעם אויפטראַג צו נעמען אויף זיך ביזן קאָנגרעס די מיסיע פון צייטווייליקע וועלט־ביוראָען פאַר דער דאָזיקער אַרבעט. עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן קאָנקרעטע בודזשעטן פאַר יעדן פון דידאָזיקע ביוראָען (צווישן 10 און 12 טויזנט דאָלער פאַר יעדן פון זיי) און די ערשטע פאָנדן אויפן חשבון פון דידאָזיקע בודזשעטן זיינען שוין באַשטימט געוואָרן.

די קאָמיסיע פאַר יידישער מוזיק שטעלט זיך די אויפגאַבע צו ווערן אַ צענטראַל־ביוראָ פאַר יידישע כאָרן, וואָס עקזיסטירן שוין, און צו העלפן שאַפן נייע. די קאָמיסיע וועט זיך באַמיען צו באַדינען די עקזיסטירנדיקע כאָרן מיט נאָטן און הילפסמיטלען בכלל. עס ווערט געפּלאַנט אַרויסצוגעבן אַ נייעם, גוטן לידער־בוך מיט נאָטן. כאָרן און יידישע אָרגאַניזאַציעס וועלן זיך קענען ווענדן צו דער דאָזיקער קאָמיסיע מיט אָנפראַגעס, מיט קאָנקרעטע בקשות וועגן אַרויסהעלפן זיי טעכניש אין זייער אַרבעט. צו די ווייטערדיקע פּלענער געהערט דער פּראָיעקט וועגן יערלעכע יידישע מוזיק־פעסטיוואַלן אין עטלעכע צענטראַלע שטעט פון אַמעריקע. עס ווערט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון יערלעכע פּרייזן פאַר יידישער מוזיקאַלישער שאַפונג און פאַר אָנפאַנגער.

דער אַרבעטס־פּלאַן פון דער קאָמיסיע פאַר פּלאַסטישער קונסט גייט אין דער ריכטונג פון שאַפן אַ וועלט־פאַרבינדונג צווישן יידישע קינסטלער. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ רעפּרעזענטאַטיוון יערלעכן אַלמאַנאַך פון און פאַר יידישער קונסט. עס זיינען שוין באַשטימט געוואָרן און אינגיכן וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן גענויע תקנות וועגן יערלעכע קונסט־פּרייזן פאַר אָנערקענטע קינסטלער, פאַר אָנפאַנגער און פאַר קינדער, וועלכע וועלן אַרויס פּייאיקייטן אויפן געביט פון מאָלעריי און פּלאַסטיק. דער בודזשעט פון דער דאָזיקער קאָמיסיע זעט אויך פאָראויס צוויי יערלעכע סטיפּענדיעס פאַר יונגע יידישע קינסטלער—סטיפּענדיעס, וואָס זאָלן זיי אַרויסהעלפן אין זייער שטודיום.

די קאָמיסיע פאַר נישט־פּראָפּעסיאָנעלן יידישן שוישפּיל גרייט צו אַ נייעם יידישן דעקלאַמאַטאָר (די אַלטע זיינען שוין לאַנג פאַרעלטערט אָדער גאָר ניטאָ). עס ווערט געגרייט אַ האַנט־בוך מיט 15 רעקאָמענדירטע איינאַקטערס פאַר יידישע דראַמאַטישע קרייזן (דערביי ווערן אויך געגרייט סעפּאַראַט־אָפּדרוקן פון די באַזונדערע איינאַקטערס). דראַמאַטישע קרייזן פון אַמעריקע און אייראָפּע, איינצלנע נישט־פּראָפּע־סיאָנעלע שוישפּילערס און יידישע אָרגאַניזאַציעס בכלל וועלן באַקומען פון דער דאָזיקער קאָמיסיע אַלע מעגלעכע אָנווייזונגען און פּאַרטיקע פּראָגראַם־פּראָיעקטן דורכצופירן פּאַסיקע ליטעראַרישע אָוונטן און פייערונגען בכלל—אָוונטן און פייערונגען, וואָס זאָלן שטיין אויף אַ געהעריקער ניוואָ.

אויפן געביט פון יידישער ליטעראַטור ווערט געפּלאַנט אַרויסצוגעבן—אָנהויבנדיק פון יאָר 1949—ליטעראַרישע יאָרביכער, וואָס זאָלן טראָגן אַ רעפּרעזענטאַטיוון כאַ־

ראַקטער און זאָלן אַרומנעמען די גאַנצע יידישע ליטעראַטור, אַלע אירע קרייזן, אַלע אירע צווייגן. צווישן אַנדערן וועלן דיראָזיקע יאָרביכער סימבאָליזירן מיט זיך די אַלוועלטלעכקייט פון דער יידישער ליטעראַטור.

ווייטער: עס איז אין באַהאַנדלונג אַ ברייט־פּאַרמאָסטענער פּראָיעקט אויסצו־בויען אַ וועלט־צענטראַלע פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון יידישן בוך. ווי נאָר די באַ־זונדערע יידישע פאַרלאַגן—און קודם־כל די געזעלשאַפטלעכע פאַ־לאַגן—וועלן זיך איינקן איבער אַ רייע קאָנקרעטע פראַגן, וועט דער דאָזיקער פּראָיעקט ווערן אַ נייער פאַקטאָר אין דער יידישער קולטור־וועלט. די ערשטע אויפגאַבע פון אַזאַ וועלט־צענטראַלע וועט זיין צו אָרגאַניזירן דעם יידישן ביכער־האַנדל און די פאַרשפּרייטונג פון יידישן בוך אויסער די פאַראייניקטע שטאַטן און צו שאַפן נייע קאַנאַלן פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון יידישן בוך אין די פאַראייניקטע שטאַטן אליין.

מיר וואָלטן דאָ נאָך געקענט אויסרעכענען די פּראָיעקטן פון דער קאָמיסיע, וואָס גרייט צו אַ פּלאַן פאַר אַ ברייטער פּראָפּאַגאַנדע צו ריידן און באַנוצן יידיש אין טאָג־טעגלעכן און אין עפנטלעכן לעבן. עס איז שוין עטלעכע מאָל געמאָלדן געוואָרן וועגן די דאָקומענטאַלע און ליטעראַרישע אויסגאַבעס, וואָס דרוקן זיך און וועלן דערשיינען צום קאָנגרעס.

דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן דאָ אויסגערעכנט, דערפירט זיך צו איין צענטראַלן פונקט אין דער טעטיקייט פון קולטור־קאָנגרעס: שטיצן, פאַראייניקן, אָרגאַניזירן און סטימולירן די יידישע קולטור־טעטיקייט אין אַלע עקן וועלט.

אין דער זעלבער ריכטונג גייען אויך די אָנשטרענגונגען פון קולטור־קאָנגרעס אויפן געביט פון יידישן שול־וועזן. דאָס איז אַזאַ וויכטיקער געביט אין אונדזער אַלגעמיינעם קולטור־פאַרמעגן, אַז עס איז נויטיק זיך אויף אים אָפּצושטעלן גאַנץ באַזונדער.

.2

וואָס זיינען די היינטיקע פּראָבלעמען פון יידישן שול־וועזן און וואָס איז זייער פאַרבונדנקייט מיט אונדזער אַלגעמיינער קולטור־טעטיקייט, מיט אונדזערע קולטור־פּערספּעקטיוון?

רעדנדיק אין סאָציאָלאָגישע טערמינען, קען מען עס פאָרמולירן אַזוי:

כמעט אַלע געביטן פון אונדזער קולטור־טעטיקייט, וואָס זיינען פריער אויס־געדרעכנט געוואָרן, האָבן צו טאָן מיט יידישער קולטור־פּראָדוקציע, אין דער צייט, וועגן דאָס שול־וועזן האָט אַלס זיין הויפּט־ציל צוצוגרייטן דעם יידישן קולטור־קאָנסומענט.

עס איז קלאָר פאַר יעדן איינעם, אַז אויב די יידישע קולטור וועט נישט צוקריגן אין משך פון די קומענדיקע 20 - 25 יאָר נייע קאָנסומענטן פון יידישן בוך, פון יידישער קונסט און טעאַטער, פון דער יידישער פּרעסע—שטייט פאַר אונדז אין דער פּערספּעקטיוו די סכנה פון אומפאַרמיידלעכן ווייטערדיקן באַרג־אַראָפּ.

עס איז אין ווירקלעכסטן זין פון וואָרט אַ פּראָבלעם פון זיין אָדער נישט זיין. פאַראַן ביי אונדז אַזעלכע, וואָס פאַרמאַכן די אויגן און ווילן נישט זען די אונטערשטע שורה. דיזאָזיקע שטרויס־פּאָליטיק לייזט נישט קיין שום פראַגע. זען דעם קערן פון

פראָבלעם און מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונג, דעם גרעסטן (און אפשר טאַקע דעם לעצטן) פּרואוו צו געפינען אַ לייזונג—דיראָזיקע אויפגאַבע שטעלט זיך דער קולטור־קאָנגרעס.

ווי לאַנג פּוילן און אַ ריי קלענערע מזרח־אייראָפּעאישע יידישע ישובים זיינען (ביזן יאָר 1939) געווען דער רעזערוואואַר נומער איינס פון נייע יידישע קולטור־כוחות אין דער וועלט, איז די לאַגע נישט געווען צו־גוט, אָבער עס איז נישט געווען קיין גרונט פאַר אַלאַרם־שטימונגען אין דער יידישער קולטור־וועלט. אין פּוילן האָט עקזיסטירט אַ יידישע טאָג־שול, אַ נאָרמאַלע יידישע שול, וועלכע האָט יאָר־יערלעך אריינגעשטראָמט אין יידישן פאָלקס־לעבן אריין אַ פול־בלוטיקע, יידיש־רעדנדיקע, מאָדערנע יוגנט, באַרייכערנדיק דערמיט סיסטעמאַטיש דעם יידישן פאָלקס־אָרגאַניזם און איינהאַלטנדיק דאָס גלייכגעוויכט צווישן דורות.

ביז 1939 האָט מען אין די קרייזן פון דער יידישער ליטעראַטור און קונסט נישט גערעדט וועגן דעם, אַז מיט די אַוועקגייענדיקע דורות לעשט זיך אויס, ווערט שוואַכער, דאָס ליכט פון דער יידישער קולטור. פאַרקערט: עס איז געווען אַן אַטמאָספער פון אויפשטייג. די יידישע שול האָט געליפערט יאָר־יערלעך נייע רעזער־וואואַרן, וואָס האָבן סיי אין קוואַנטיטעט און סיי אין קוואַליטעט איבערגעשטיגן דעם פריערדיקן פּיאָנערן־דור.

אָבער זינט יענע פאָלקס־רעזערוואואַרן זיינען טראַגיש אומגעבראַכט געוואָרן, איז אַמעריקע געבליבן די איינציקע גרויסע יידישע פאָלקס־באַזע. ווען אפילו מיר זאָלן דאָ באַווייזן דורך עפּעס אַ וואונדער אויפצושטעלן אַ נעץ פון יידיש־וועלטלעכע טאָג־שולן, וועט נאָך אַלץ די לאַגע—צוליב דער אַלגעמיינער אַסימילאַציע־טענדענץ, וועלכע איז דאָ שטאַרקער ווי אין אייראָפּע—זיין אַ זייער שווערע און געפאַרפולע פאַר דער יידישער קולטור. זאָל אונדז אָבער בכלל נישט געלינגען גרינטלעך איבערצובויען אין אַמעריקע דאָס יידיש־וועלטלעכע שול־וועזן און עס אַוועקצושטעלן אויפן יסוד פון אַ נאָרמאַלער טאָג־שול, איז די אויסזיכט אַזאַ, אַז עס שטעלט זיך ווירקלעך די פראַגע: וואָס איז ווערט די גאַנצע מי?

די יידישע שול־פראַגע אין אַמעריקע איז דעריבער אַ צענטראַלע פראַגע פון יידישער קולטור־עקזיסטענץ בכלל. די איניציאַטאָרן פון יידישן קולטור־קאָנגרעס גיבן זיך אָפּ אַ קלאָרע רעכענונג, אַז אויב עס וועט זיי נישט געלינגען צו רעוואָלוציאָניזירן די יידישע דערציאונג אין אַמעריקע, וועלן די בעסטע אויפטוען פון קולטור־קאָנגרעס אויף אַלע אַנדערע געביטן זיין אימפּאָטענט פון שטאַנדפּונקט פון קולטורעלן יידישן קיום.

יאָ, זאָל עס קלאָר געזאָגט ווערן: דער עקזאַמען, וואָס דער קולטור־קאָנגרעס וועט דאַרפן אויסהאַלטן, באַציט זיך קודם כל צום געביט פון יידישער דערציאונג. וועט אריינקומען אַ מזל־ברכה אין אונדזערע באַמיאונגען צו באַנייען און ענדערן די יסודות פון דער יידישער דערציאונג אין אַמעריקע, וועט דער קולטור־קאָנגרעס ווערן אַ מייל־שטיין אין דער מאָדערנער געשיכטע פון יידישן פאָלק. מיט ציטער אין הארצן קוקן דעריבער די טוער און אָרגאַניזאַטאָרן פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אויף דער טעטיקייט פון אונדזער שול־קאָמיסיע.

די איניציאַטאָרן פון קולטור־קאָנגרעס און די שול־קאָמיסיע ביים אָרגאַניזיר־

קאָנגרעס האָבן פֿאַר די פֿאַראייניקטע שטאַטן אַ מאַקסימום־פּראָגראַם, וועלכער דריקט זיך אויס אין דריי לאָזונגען: 1) אויפֿבויען אין אַמעריקע אַ פֿאַראייניקטע צענטראַלע ייִדישע שול־אָרגאַניזאַציע, 2) אויסשפּרייטן איבער אַמעריקע אַ געדיכטע נעץ פֿון ייִדישע קינדער־גערטנער, און 3) אַרויסגיין אויפֿן ברייטן שליאַך פֿון בויען טאָג־שולן.

דאָס איז דער מאַקסימום־פּראָגראַם, דאָס איז דער אידעאַל. דאָס און נאָר דאָס מאַכט מעגלעך אַ האָפֿענונג אויף גרינטלעכע ענדערונגען אין אונדזער קולטור־קריזיס.

די דאָזיקע 3 לאָזונגען זיינען דערביי אַ מין חוט־המשולש, איינער אָן דעם צווייטן קען נישט רעאַליזירט ווערן.

אויב מען וויל האָבן אַ פֿולע ייִדישע שול, מוז מען האָבן אַ נעץ פֿון קינדער־גערטנער, וואָס זאָל צוגרייטן פֿאַר דער טאָג־שול דעם באָדן סיי צווישן די עלטערן און סיי צווישן די קינדער. נאָר אויפֿן יסוד פֿון גוטע דערפֿאַרונגען מיטן קינדער־גאָרטן, וועלן עלטערן (אַמעריקאַנער־געבוירענע עלטערן!) איינציקווייז זיך לאָזן געווינען פֿאַר שיקן זייערע קינדער אין אַ פֿולער ייִדישער טאָג־שול. פֿון דער צווייטער זייט איז אַ פֿולע ייִדישע טאָג־שול נישט אַזאַ זאַך, וואָס וועט קענען אויסגעטראָגן ווערן דורך באַזונדערע און צעטיילטע שול־גרופּירונגען אַזוי ווי זיי עקזיסטירן און אַרבעטן היינט.

די שול־קאָמיסיע פֿון קולטור־קאָנגרעס האָט דעריבער אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פֿון 10 פּונקטן אַרום וועלכע עס קען שוין קומען צו אַ פֿאַראייניקונג אויפֿן שול־געביט. יעדער פֿון די צען פּונקטן איז אומגעהייער וויכטיק, אָבער אַמווייכטיקסטן זיינען די פּונקטן, וועלכע מיר האָבן העכער באַצייכנט אַלס דעם מאַקסימום־פּראָגראַם: בויען קינדער־גערטנער און בויען טאָג־שולן.

אין דער שול־קאָמיסיע פֿון קולטור־קאָנגרעס זיצן נישט קיין פֿאַנטאַסטן. די טוער פֿון דער קאָמיסיע קענען די פֿאַרהעלטענישן אין אַמעריקע און זיי ווייסן וואָס עס זיינען די שוועריקייטן פֿאַר פֿאַראייניקטער שול־אַרבעט. זיי ווייסן גאַנץ גוט, אַז די שוועריקייטן קענען נישט באַזייטיקט ווערן איבערנאַכט, און זיי האָבן דעריבער צוגעשפּיצט זייער פּלאַן צו יענע שטעט, וואו די באַזונדערע שול־גרופּן קענען דערוויילאַליין נישט בויען קיין שולן. זאָל מען, הייסט עס, אָנהייבן בויען שולן מיט געמיינזאַמע כּוחות דאָרט, וואו יעדער באַזונדער וועט סיי־ווי גאָרנישט אויפֿטאָן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז מען קען נישט בויען קיין געמיינזאַמע קינדער־היימען און טאָג־שולן ווי לאַנג מען האָט זיך נישט צוזאַמענגערעדט וועגן אַ געמיינזאַמען שול־פּראָגראַם. איז פֿאַראַן מעגלעכקייטן היינט פֿאַר אַזאַ געמיינזאַמען פּראָגראַם?

קומען מיר דאָ צום קנופּ פֿון דער פֿראַגע. דער ענטפֿער קען פּונקט אַזוי זיין אַ פּאָזיטיווער, ווי אַ נעגאַטיווער. נעמלעך: אַ באָדן פֿאַר שאַפֿן אַ קאָמפּראָמיס־פּראָגראַם איז פֿאַראַן, אָבער קאָנקרעטע מעגלעכקייטן פֿאַר אַ הסכם וועלן אַנטשטיין ערשט דאַן, ווען אַלע צדדים וועלן פֿאַרשטיין, אַז אַ געמיינזאַמער פּראָגראַם קען זיין נאָר אַ קאָמפּראָמיס, אָבער בשום־אופֿן נישט קאַפּיטולאַציע פֿון איין צד קעגן צווייטן.

איך נעם זיך דאָס רעכט צו זאָגן, אַז אורטיילנדיק לויט די שטימונגען אין די קרייזן פֿון לערער און שול־טוער, קען היינט אויסגעאַרבעט ווערן פֿאַר אַ ייִדישער טאָג־שול (און אוודאי פֿאַר אַ קינדער־היים) אַזאַ פּראָגראַם, וואו ייִדישע טראַדיציע, ייִדישע גורל־פֿאַרבינדונג און ייִדישער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין זאָלן קענען באַ־

פרידיקן יענע אַלע, וועלכע טראַכטן וועגן אַ שול פאַרן פאָלק און נישט בלויז פאַר אַ פּאַרטיי.

דער לימוד פון העברעאיש איז נישט היינט אין שול־וועזן קיין אבן־נגף פאַר אַ געמיינזאַמען פּראָגראַם. אַפילו אין די שולן פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן האָט מען געלערנט העברעאיש און פאַקטיש ווערט היינט געלערנט העברעאיש אין אַלע שולן פון אַמעריקע.

מען וואָלט זיך אויך געקענט צוזאַמענרעדן וועגן געבן די שילער אין דער פּאַראייניקטער יידישער שול אַזאַ דערציאונג, וואָס זאָל זיי מאַכן נאָענט צו יעדן ייד אין דער גאַנצער וועלט און במילא אויך אין פּאַלעסטינע. איז דאָס נישט גענוג? אויב אַלע צדדים זאָלן איינגיין אויף דעם קאָמפּראָמיס און זיך אָפּזאָגן פון דער ביז־איצטיקער קבלו־דעתי־פאָדערונג צו פּאַרפּאַרטייאישן די יידישע שול לטובת איין צד — איז מעגלעך צו שאַפן אַן איינהייטלעכן שול־פּראָגראַם.

דערווייל איז אַזאַ לאַגע, אַז מצד די באַזונדערע שול־צענטראַלעס זעט זיך נישט קיין גרייטקייט אָנצוהויבן די געמיינזאַמע שול־טעטיקייט פון בויען געמיינזאַמע טאָג־שולן. אָבער אַ באַדייטנדיקער פאָרטשריט איז דאָך געמאַכט געוואָרן. אָקאָרשט זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין ניו־יאָרק פאָרשטייער פון אַלע דריי שול־צענטראַלעס, פון קולטור־קאָנגרעס און פון אַלע לערער־ראַטן און זיי האָבן ענדלעך געגרינדעט אַן איני־ציאַטיוו־קאָמיטעט פון אַ פּאַראייניקטער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע (ווען דער אַרטיקל ווערט געשריבן, איז דער נאָמען נאָך ענדגילטיק נישט פעסטגע־שטעלט) — אַ פּאַראייניקונג פאַר אַ ריי שול־טעטיקייטן, וואָס קענען לכל־הדעות גלייך אונטערגענומען ווערן.

ווען מען דערמאָנט זיך די אַטמאָספער פון קעגנזייטיקן אומצוטרוי און די „ס'וועט־סיי־ווי־פון־דעם־גאָרנישט־אַרויסקומען" ־ שטימונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע צווייפלער, וואָס האָבן געהערשט מיט אַ האַלב יאָר צוריק, ווען דער קולטור־קאָנגרעס האָט אָנגעהויבן צוצוגרייטן דעם באָדן פאַר דער דאָזיקער דערנענטערונג — מוז מען זיך פרייען מיט דעם, וואָס איז שוין דערגרייכט געוואָרן.

דער פאַקט, וואָס עס עקזיסטירט שוין אַ פּאַראייניקטע קערפּערשאַפט איז אַ גרויסער שריט פאָרויס. מילא, זאָל די געמיינזאַמע טעטיקייט זיך אָנהויבן נישט פון רעאַליזירן דעם מאַקסימום־פּראָגראַם. זאָל מען דערווייל אָנהויבן פון צוויטראָנ־גיקע טעטיקייטן. מיט דער אַרבעט וועט וואַקסן דער קעגנזייטיקער צוטרוי און עס וועט — לאָמיר גלויבן — סוף־כל־סוף נעמען די אויבערהאַנט די נאַציאָנאַלע פאַראַנט־וואָרטלעכקייט. לאָמיר מאַכן אַ שהחינו, וואָס מיר האַלטן שוין אַזוי ווייט!

.3

פּאַראַלעל מיט דער אַרבעט פאַר דערפירן צו אַ שול־פּאַראייניקונג אויפן באָדן פון די פּאַראייניקטע שטאַטן, האָט די שול־קאָמיסיע ביים אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון קולטור־קאָנגרעס אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן אויפצושטעלן אַ וועלט־צענטראַלע פון די יידישע שולן.

די אויפגאַבן פון דער צענטראַלע וועלן זיין: קאָאָרדינירן די יידישע שול־טעטי־קייט אין דער גאַנצער וועלט, אַרויסהעלפן די לערער און די שול־טוער אין די קלענערע

ישובים, ארויסגעבן א פעדאגאגישן זשורנאל (3 מאל אין יאר), פירן דעם געזעל־שאפטלעכן און פאליטישן קאמף פאר די רעכט און פאר דער אנערקענונג פון דער יידישער שול, צוגרייטן נייע לערער־כוחות (עס איז צווישן אנדערן פאראויסגעזען א פלאן פון סטיפענדיעס פאר יונגע מענטשן, וואס וועלן גרייט זיין זיך צו ווידמען פולשטענדיק דער לערער־מיסיע), א. א. וו.

א באזונדער פונקט אינעם טעטיקייטס־פלאן פון דער וועלט־צענטראלע פארן יידישן שול־וועזן רעדט וועגן שאפן אין די באזונדערע לענדער שול־פאראייניקונגען לויטן ביישפיל, וואס ווערט איצט געבויט אין ניו־יארק.

נישט דא איז דאס ארט אויספירלעך צו באהאנדלען א ריי פרטים, וואס זיינען פארבונדן מיט די אלע פלענער. מיר וועלן בלויז דערמאנען די באזונדערע וויכטי־קערע פראבלעמען. אט זיינען זיי:

ווען עס רעדט זיך וועגן א פעדאגאגישן זשורנאל, אנטשטייט די פראגע, צי דאס זאל זיין א זשורנאל בלויז פאר אמעריקע, צי פאר די לערער אין די יידישע שולן אין דער גאנצער וועלט. איינע האלטן, אז די גרונט־פראבלעמען זיינען אומעטום דיזעלבע. אנדערע האלטן פארקערט. אויפן קאנגרעס וועט מען דאס דארפן ענדגילטיק באשליסן.

ווען מען רעדט וועגן צוגרייטן לערער, שטעלט זיך די פראגע, צי מען זאל פאר דעם צוועק אויסנוצן די עקזיסטירנדיקע לערער־סעמינארן אזוי באשיידן, ווי זיי זיינען (דער יינגסטער פון די אלע סעמינארן אנטשטייט איצטער אין פאריז), אדער מען זאל אויפבויען איין גרויסע אינסטיטוציע, וואס זאל זיין א צענטראלער לערער־סעמינאר מיט א צוגאב פון באוועגלעכע לערער־קורסן אין פארשידענע ווייטערע לענדער.

קינדער־ליטעראטור, שול־מכשירים, אויפשטעלן אין ניו־יארק א קינדער־טעאטער —אט זיינען א ריי ווייטערדיקע אויפגאבן פאר דער שול־פאראייניקונג אין די פאר־אייניקטע שטאטן און פאר דער וועלט־צענטראלע.

צוזאמענגענומען איז דאס אלץ איין גרויסער פלאן פון איבערבוי און אויס־שפרייטונג. עס איז קלאר: אזא ברייטער פלאן וועט זיך לאזן רעאליזירן נישט נאר דאן, ווען אלע וועלן ארויסווייזן גוטן ווילן, נאר אויך ערשט נאכדעם, ווי עס וועט פאר דעם צוועק געשאפן ווערן א גרויסער נאציאנאלער פאנד—א פאנד, וועלכער קען אין קיין שום פאל נישט אויפגעשטעלט ווערן מיט די באשיידענע כוחות פון יענע אלע, וואס שטייען איצטער ארום דער יידישער שול.

אין צענטער פון א נייעם גרויסן שול־פארנעם שטייט די פראגע פון מאדערנע שול־בנינים. די איצטיקע שול־לאקאלן זיינען איינע פון יענע מניעות, וואס האלטן אפ די אנטוויקלונג און די אויסברייטערונג פון דער יידישער שול. נייע פאנדן, נא־צאנאלע פאנדן מוזן געשאפן ווערן.

דאס איז נישט פון די לייכטע אויפגאבן, אבער ווען הינטער זיי וועט שטיין א ברייטער יידישער קולטור־פראנט, ווי דער, וואס האט זיך געשאפן ארום דעם קולטור־קאנגרעס, קען געשען, אז פאנדן פאר דעם זאלן געפונען ווערן.

דער קריזיס פון דער יידישער קולטור מוז געבראכן ווערן און דער שליסל צו דער לאגע ליגט אין דער יידישער שול.

ח. ש. קאזדאן

# ש. מענדעלסאָן — דער בויער און קעמפער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול (1896־1948)

שלמה מענדעלסאָן האָט סוף די צוואַנציקער יאָרן (1917־1920) געגומען זוכן פאַר זיך אַן אָרט אין עפנטלעכן יידישן לעבן פון דער גרויסער שטאָט וואַרשע. ער האָט געפילט אין זיך דעם וואוקס פון זיינע ברויזנדיקע טאַלאַנטן, און געזוכט אַן אָרט זיי אָנצואווענדן אין לעבן. זאָל עס זיין יידישע ליטעראַטור? ער האָט געפרובירט זיינע כוחות אויף דעם געביט, ער האָט צוגעגרייט אַ באַנד פון שלמה עטינגערס ווערק און אָנגעשריבן אַן ערנסטע אַרבעט איבער אים (אָפּגעדרוקט אין 1920). ער האָט גענומען אויפטרעטן מיט פאַרלעזונגען איבער יידישער ליטעראַטור, איבער באַזונדערע שרייבער פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור. ער איז שוין אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון „הזמיר". ער איז טעטיק צווישן דער יידישער אַקאַדעמישער יוגנט. אָבער דאָס איז פאַר אים אַלץ ניט גענוג.

ער לאָזט זיך אויפן וועג פון פעדאַגאָגישער טעטיקייט—געלערנט אין אַ פאָלק־שול מיט יידישער שפּראַך, שפּעטער געוואָרן אין אַ פּויליש־יידישער גימנאַזיע לערער פון יידישער ליטעראַטור און פון יידישער געשיכטע. ער איז באַליבט ביי די יונגע סטודענטקעס פון דער גימנאַזיע, און זייער פאַראינטערעסירטקייט אין דער יידישער ליטעראַטור, יידישער געשיכטע איז געוואַקסן. אויף די זיצונגען פון דעם גרויסן פּעדאַגאָגישן ראַט פון דער גימנאַזיע האָט מען זיך צוגעהערט צו שלמה מענדעלסאָנס וואָרט; יעדער פון די לערער האָט געפילט אַז אָט דער יונגער לערער איז אַן אָנזאָג פון נייע שטימונגען און כוחות אויף דער יידישער גאַס; ער איז אַ הייסער אָנהענגער פון די ראַדיקאַל־פּעדאַגאָגישע מעטאָדן און טעאָריעס, מיט וועלכע אייראָפּע איז דעמאָלט געווען פול.

גלייכצייטיק האָט ש. מענדעלסאָן גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער פאָלקס־פּאַרטיי, וועלכע האָט דעמאָלט אונטער דער אָנפירונג פון נח פּרילוצקי דורכגעמאַכט איר גלאַנץ־פּעריאָד. ער איז אַ מיטגליד פון דעם צענטראַל־ראַט פון דער פּאַרטיי, און געווען אַ מאָמענט, ווען ש. מענדעלסאָן האָט געזאָלט אפילו באַקומען אַן אָרט אין פּוילישן פּאַרלאַמענט (סיים), אַלס יידישער דעפּוטאַט פון דער ליסטע פון דער פאָלקס־פּאַרטיי.

עס איז געווען דער פּעריאָד פון ערב דער צענטראַליזאַציע פונעם גרויסן סטיכיש־אויפגעבויטן יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן איבערן פּוילישן לאַנד, ערב דער באַשאַפונג פון דער שפּעטער אַזוי באַקאַנט־געוואָרענער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע (ציש"אָ, יוני 1921). צווישן די לערער און שול־טוער איז אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווע אַרבעט, וועלכע האָט צוגעגרייט די צענטראַליזאַציע פון דער שול־באַוועגונג. די קרוינונג פון דער גאַנצער שול־אַרבעט אין יענעם פּעריאָד איז געווען די קולטור־באַראַטונג אין וואַרשע, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אָקטאָבער 1919. ש. מענדעלסאָן נעמט אַן אַקטיוון און וויכטיקן אָנטייל אין דער באַראַטונג. ער איז איינער פון די

דריי פאַרזיצערס פון דער באַראַטונג, ער האַלט ז״אַ צוויי רעפעראַטן וועגן לערער־קורסן און וועגן דער קומענדיקער שול־קאָנפערענץ: ער ווערט אויסגעקליבן אין דער רעדאַקציע פון דעם באַשלאָסענעם פּעדאַגאָגישן זשורנאַל; ענדלעך ווערט ער אויסגעקליבן אין דער אָרגאַניזאַציע־ביוראָ, וועלכע דאַרף רופן אויף פּסח 1920 די גרויסע קאָנפערענץ פון לערער און פאָרשטייער פון קולטור־ און בילדונגס־געזעלשאַפטן, וואָס העלפן דירעקט בויען די יידיש־וועלטלעכע שולן.

אין אַפּריל 1920 קומט פאָר אין וואַרשע די צווייטע שול־באַראַטונג. אויך דאָ איז ש. מענדעלסאָן אַקטיוו, און ווען עס ווערט דאָ געשאַפן די צייטווייליקע „יידישע צענטראַלע שול־אָרגאַניזאַציע פון פּוילן, ליטע און ווייסרוסלאַנד“, ווערט אין קאָמיטעט פון דער נייער אָרגאַניזאַציע אויסגעקליבן אויך ש. מענדעלסאָן.

עס איז אין יענע יאָרן טעטיק דער „צענטראַלער דינעזאָן־שולקאָמיטעט“. אין 1920 אָרגאַניזירט דער קאָמיטעט לערער־קורסן פון גאָר אַ גרויסן פאַרנעם. עס האָבן זיך פאַרשריבן 150 צוהערער. וולאַדימיר מעדעם, וועלכער האָט געהאַט אַן אינטימע און וואַרעמע באַציאונג צום יונגן ש. מענדעלסאָן, איז נאָך דעמאָלט געווען אין וואַרשע. ער איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אינעם דערפאָלג פון די קורסן. ער האָט טאַקע די אָפיציעלע פייערלעכע עפענונג פון די קורסן דורכגעפירט. די פאַרוואַלטונג פון אָט די קורסן איז אָנגעטרויט געוואָרן אַ קאָלעגיע פון 3 פּערזאָן,—איינער פון זיי איז געווען ש. מענדעלסאָן. גלייכצייטיק איז ער געווען אַ לעקטאָר אויף די קורסן און געפירט דאָ אַ קורס פון יידיש און מעטאָדיק פון יידיש.

אין דעם פּעריאָד ערב דער „ציש״אָ“ האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער יונגער שול־באַוועגונג די צווישן־פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע „שול־בוך“, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צו שאַפן לערער־ און לייען־ליטעראַטור, צוגעפּאַסט צו די נויטן און צום כאַראַקטער פון דער נייער שול. שפּעטער האָט „שול־בוך“ אויסגעטיילט אַן אָרטאָגראַפישע און טערמינאָלאָגישע קאָמיסיע,—און דאָ האָט ש. מענדעלסאָן מיטגעאַרבעט האַנט ביי האַנט מיט נח פּרילוצקי, וולאַדימיר מעדעם, י. מ. וויסנבערג א. א. אין דעם זעלבן פּעריאָד איז ער געווען טעטיק אין דער פאַרוואַלטונג פון „שול—און פאָלקסבילדונג־פאַראיין“, וועלכער האָט געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָל אין דער פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער נייער יידישער שול.

דער לעצטער צוזאַמענקום אינעם פּעריאָד ערב־ציש״אָ איז געווען די שול־באַראַטונג אין אַפּריל 1921. אויך דאָ איז ש. מענדעלסאָן געווען אין פּרעזידיום; ער האָט רעפערירט דעם סדר־היום פון פּראָיעקטירטן און שפּעטער צושטאַנד־געקומענעם שול־צוזאַמענפאָר; ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אינעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פונעם לעצטן.

און אָט איז געקומען דער ערשטער שול־צוזאַמענפאָר, יוני 1921, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע (ציש״אָ). ש. מענדעלסאָן האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל ביי איר גרינדונג, און ביי אירע ערשטע טריט, ער האָט זיך אַליין מער אריינגעוואָרפן אין דער שול־אַרבעט. ער האָט זיך דאָ געפונען, אין דער טעטיקייט פון דער „ציש״אָ“.

ש. מענדעלסאָן האָט אויפן ערשטן צול־צוזאַמענפאָר געהערט צו דער אָנפירונג פון דער „אומאָפּהענגיקער שול־פראַקציע“ (63 שטימען)—צוזאַמען מיטן שרייבער פון די שורות, צוזאַמען מיט מ. זילבערפאַרב, א. גאָלאָמב א. א. ש. מענדעלסאָן האָט

גענומען אַ וואָרט צו יעדער וויכטיקער דעבאַטע: וועגן די יסודות און אויפגאַבן פון דער שול, וועגן דער רעכטלעכער און מאַטעריעלער לאַגע פון די שולן. ש. מענדעלסאָן איז אויסגעוויילט געוואָרן אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער „צישאָ", און שפּעטער אויך אין עקזעקוטיוו און אויספיר־ביוראָ; ער האָט זיך באַטייליקט אין דער קאָמיסיע וואָס האָט אויסגעאַרבעט דעם שול־געזעץ, וועלכער איז שפּעטער אַריינגעטראָגן געוואָרן אין סיים; ער אַרבעט אויס אַ פּראָגראַם פון קולטור־געשיכטע אין דער פאָלקשול א. א. וו.

נאָך אַ גרעסערע ראָל האָט ש. מענדעלסאָן געשפּילט אויפן צווייטן שול־צוזאַמענפאָר (אַפּריל 1925). ער האָט גענומען אַנטייל אין די וויכטיקסטע דיסקוסיעס אויפן צוזאַמענפאָר; ער איז ווידער אויסגעקליבן געוואָרן אין די זעלבע צענטראַלע קערפּערשאַפטן. ער איז טעטיק אויף אַלע געביטן פון דער שול־באַוועגונג.

* * *

אין דער „צישאָ" האָט ש. מענדעלסאָן געפונען אַ סינטעז פון אַלע געפילן און אידייען, וואָס האָבן אים באַהערשט: דאָ איז געווען טעטיקייט פאַר די קינדער און פאָלק, דאָ איז געווען גלויבן אין דער יידישער שפּראַך און אַ ווילן צו דערהויבן זי צו מאָדערנער קולטור־שאַפונג; דאָ איז געווען ברייטער פאַרמעסט און געוואַגטקייט, אידעאַליזם און מסירת־נפש פון אַ גרויסער מחנה לערער און שול־טוער; דאָ איז געווען פּעדאַגאָגיש־עקספּערימענטאַלע שאַפונג, געטריי צו הויכע הומאַניסטישע אידעאַלן; דאָ איז געווען אויפריכטיקע פאָלקסטימלעכקייט, ליבע און צוטרוי צו די שעפערישע כוחות פון פאָלק; די שול איז געווען געבונדן אינטים מיט די אוצרות פון דער יידישער ליטעראַטור און אירע אידעאַלן, די שול האָט פאַרלאַנגט מען זאָל פאַר איר קעמפן און זיך שלאָגן ביז בלוט, די שול האָט זיך גענויטיקט אין פלאַמיקע פּראָפּאַגאַנדיסטן און טריבונען. און ש. מענדעלסאָן האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון דער „צישאָ"—מיט אַלע זיינע כוחות, מיט זיין גאַנצן ברענענדיקן האַרצן, מיט אַלע פיבערן פון זיין אויסדערוויילטער נשמה.

אָבער גאָר אינגיכן האָט ער דערשפּירט, אַז די יידיש־וועלטלעכע שול—דאָס איז אַ גרויסע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעם: קולטור, ליטעראַטור, יידיש, פאָלקסטימלעכקייט, די צוקונפט פון פאָלק, דער קאַמף פאַר זיין פולער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג—דאָס איז איין קייט, איין רינגעלע איז דאָ געקניפּט און אָפּהענגיק פון צווייטן. און איבערן גאַנצן קנויל הערשט די פּאָליטישע פּראָבלעם. קעמפן פאַר דער יידישער שול—דאָס הייסט קעמפן קעגן רעאַקציאָנערן פּאָליטישן רעזשים, אַוועקשטעלן די יידישע פראַגע אויפן פאָרום פון פּאַרלאַמענט, דאָס הייסט באַקעמפן די אייגענע יידישע רעאַקציע אין אַלע אירע פאָרמען. קעמפן פאַר דער יידישער שול—דאָס הייסט אַנטרויען איר גורל אין די הענט פון אַ געזיכערטער מחנה, וואָס האָט גלויבן און צוטרוי צו אָט דער נייער שול, האָט גענוג מוט און קאַמפּסלוסט, איז גרייט זיך מוסר נפש צו זיין פאַר אירע רעכט, אַ מחנה וואָס פאַרשטייט אַז די שול איז אַ צענטראַלע פּאָליטישע פּראָבלעם, אַ מחנה וואָס וועט זי מאַכן פאַר איר אייגענער צענטראַלער אידיי און לאָזונג. נאָך מער: קאַמף פאַר דער יידישער שול—דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פּראָבלעם, וואָס קען און דאַרף מיט דער גאַנצער

שארפקייט אוועקגעשטעלט ווערן פאר אלע נאציאנאלע מינדערהייטן פון לאנד, און ראשית כל פאר אלע סאציאליסטישע עלעמענטן אין לאנד.

און אט דער וועג האט ש. מענדעלסאנען געפירט און געבראכט צום „בונד": מען קען ניט אויפבויען קיין פרייע וועלטלעכע שול אין דער יידישער שפראך—אויב מען וועט ניט באפרייען דאס לאנד פון רעאקציאנערן רעזשים און אנטיסעמיטיזם, אויב מען וועט ניט באפרייען די יידישע פאלקסמאסן, אויסלייזן זיי פון סאציאלן און נא־ציאנאלן יאך. און מען קען ניט באפרייען די יידישע מאסן, אויב דער גאנצער ארבעטער־קלאס פון פוילן וועט זיך ניט באפרייען פון זיינע סאציאלע און פאליטישע אונטערדריקער. סאציאליזם—איז די גרויסע באפרייאונגס־אידיי פון דעם ארבעטער־פאלק. די אידיי פון סאציאליזם און דער „בונד" — האבן איבערגעאנדערשט דאס גאנצע יידישע לעבן. זייער פולער נצחון וועט זיין דער נצחון פון יידישן פאלק, פון זיין שפראך און קולטור, פון דער נייער שול.

דער „בונד" איז איצט פארן ח' ש. מענדעלסאן געווארן דער סינטעז פון יענע אידייען, וואס האבן אים באגייסטערט אלע זיינע יוגנט־יארן, דער „בונד" האט אין די הענט פון ש. מענדעלסאן אריינגעגעבן א נייע פאן, וועלכע האט געפלאטערט מיט גלויבן, מיט קאמף, מיט מסירת נפש . . .

ש. מענדעלסאן איז געווארן—דער בונדיסט. „בונד" איז געווארן זיין היים, זיין משפחה, זיין טרוים און האפנונג. דער „בונד" איז געווארן זיין קאמפס־ארענע, זיין טריבונע און בינע.

ער ווערט אינגיכן א מיטגליד פון ווארשעווער קאמיטעט פון „בונד" און שפע־טער אויך פון צענטראל־קאמיטעט. ער ווארפט זיך אין אלע ארבעטן, ער איז ניט מיד טאג־טעגלעך צו רעדן אויף מיטינגען און פארזאמלונגען, ער באטייליקט זיך אין אלע בעראטונגען, וואס צייכענען אן די טאקטיק און קאמפס־מעטאדן פון „בונד", ער באטייליקט זיך אין אלע וואל־קאמפאניעס, פראטעסט־שטרייקן, דעמאנסטראציעס און פייערונגען. אין די לעצטע יארן ווערט ער אויסגעקליבן אין שטאט־ראט און אין דער יידישער קהילה. זיין נאמען איז פאפולער איבערן גאנצן לאנד, וואו ער איז אן אפטער גאסט. ער קומט צו דער „צוקונפט"־יוגנט, האלט רעפעראטן אויף אירע קאנ־פערענצן און קורסן. ער שרייבט אין בונדישן ארגאן „פאלקסצייטונג". ער טרעט ארויס אין נאמען פון „בונד" אויף פארשידענע צוזאמענפארן פון פאליטישן און געזעלשאפטלעכן כאראקטער. ער קומט אין בארירונג מיט דער פוילישער סאציאליס־טישער באוועגונג. און ער פירט דורך די פאליטיק פון „בונד" אין דער „צישא", אין „קולטור־ליגע" און אנדערע אינסטיטוציעס.

און עס איז געווען פאר ש. מענדעלסאן א באזונדער פרייד און גליק, וואס די „צישא" איז געלעגן אויף דער הויפט־ליניע פון „בונד". די „צישא" איז געווען א לעגיטים און געליבט קינד פון „בונד", געבוירן און אויסגעצערטלט אין שוים פון דער בונדישער מאסע. דער „בונד" איז געווען די גאנצע צייט די גרעסטע פראקציע אין דער „צישא", מיט דער כסדרדיקער טענדענץ צו ווערן אלץ א גרעסערער און שטארקערער סעקטאר אין „צישא". און דער „בונד" האט געפילט און געטראגן די היסטארישע אחריות פאר דער „צישא" און איר טעטיקייט. דער „בונד" האט זיינע

בעסטע מענטשן געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון דער „צישאָ", און גאַנץ פּוילן האָט אידענטיפיצירט די „צישאָ" מיטן „בונד", פאַרגעסנדיק גאָר אַז אין דער שול־אָרגאַניזאַציע זיינען דאָ נאָך אַנדערע פראַקציעס.

ש. מענדעלסאָנס ראָל און אויפגאַבע אין „צישאָ" איז געוואָרן אַלץ פּילזייטיקער. „צישאָ" איז פאַר אים איצט יידיש־וועלטלעכע שול פּליוס „בונד". און מיט נייעם אויסערגעוויינלעכן ברען וואַרפט זיך ש. מענדעלסאָן אַריין אין דער „צישאָ"־אַרבעט.

דערציילן, וואָס ש. מענדעלסאָן האָט געטאָן און אויפגעטאָן אין דער „צישאָ", דאָס הייסט—דערציילן די פולע געשיכטע פון די 20 יאָר „צישאָ". ניט געווען קיין איין ווינקעלע, קיין איין אונטערנעמונג און פּראָיעקט אין דער שול־אָרגאַניזאַציע, וואו ש. מענדעלסאָן זאָל ניט זיין באַטייליקט מיט זיין איניציאַטיוו, ענערגיע, מיט זיין מוח און האַרץ. ער איז געווען אַ לאַנגע צייט דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער „צישאָ". אָבער ניט דעם טיטול, אָן דעם טיטול—אַלץ איינס ער איז געווען אין סאַמע צענטער, ער איז געווען דאָס האַרץ און די נשמה פון דער „צישאָ". איר רעפּרעזענטאַנט און באַ־כוח, איר גאָלדן מויל און גאָלדן פעדער, איר זאָרגער און באַזאָרגער.

אויף הונדערטער מאַסן־מיטינגען אויפגעטראָטן, אין וואַרשע און אין גרויסע און קלענערע שטעט פון דער פּראָווינץ. געטראָגן צו די מאַסן דעם גרויסן צאָרן און פּראָטעסט לגבי די פּוילישע מאַכט־האָבער פאַר זייער באַהאַנדלען די יידישע שול; געטראָגן אַהין דעם פּלאַמיקן פּאַטאָס און גלויבן אין נצחון פון דער אַרבעטער־זאַך און פון דער שול־אידיי. קיינמאָל ניט מיד געוואָרן, זיך געוואַלגערט אין דריטע־קלאַס־וואַגאָנעס, קיינמאָל זיך ניט אָפּגעזאָגט פון אַ שליחות, האָט זי ווי אומאַנגענעם, אומ־באַקוועם געמעגט זיין. ער האָט געוואוסט דעם ווערט פון זיין רעדנער־טאַלאַנט, פון זיין פייאיקייט דורכצוזעצן אַ באַשלוס, פון זיין דרייסטקייט צו רעדן מיט די פּראָווינצער סאַטראַפּן, וועלכע האָבן געפירט אַ סאַדיסטישע פּאָליטיק לגבי די שולן אויף די ערטער. ער האָט געוואוסט: ווער עס פאַרמאָגט מער, פון דעם פאָדערט זיך מער. און ער האָט אַלץ אוועקגעגעבן דער שול־באַוועגונג . . .

די פּוילישע רעגירונג האָט ניט געוואָגט צו וואַרפן זיך אין אַ פאַרניכטנדיקער פראָנט־אַטאַקע אויף דער „צישאָ" און אירע שולן: דער פאַקט פון 120 שולן מיט 22 טויזנט קינדער, שולן מיט אַ גוטן פּעדאַגאָגישן נאָמען, איז געווען צו־וואָגיק, צו־ערנסט. איז דעריבער איר פּאָליטיק געווען אַן אַנדערע: קליינלעכע טאָג־טעגלעכע דיס־קרימינאַציעס, דורכגעפירט אויף אַ יעזואיטישן־„פאַנסקע" אופן: אויסהונגערן, אויס־מאַטערן, דערפירן צו פאַרצווייפלונג די לערערס, די טוערס, די עלטערן. און מיט די נידערטרעכטיקסטע קונצשטיק און אויסטראַכטענישן, מיט פאַרשידענע איינפאַלן און צודרינגלעכקייטן איז זי דערגאַנגען די יאָרן די פירער פון דער „צישאָ" און די פירער פון אירע אָפּטיילונגען און אירע שולן אויף די ערטער. אייזערנע נערוון, מסירת נפש האָבן זיך געפאָדערט דאָס אַלץ איבערצוטראָגן. און ש. מענדעלסאָן—איז געווען דער ערשטער אויף צו וועקן גלויבן און געדולד, אויף צו וואַרפן זיך אין אָפּווער, אויפצו־הויבן גרויסע אַלאַרמען און פאַרבלייבן אומדערשיטערט אויף די פּאָזיציעס. מיט ציין און נעגל האָט ער זיך געקלאַמערט אין אַ לעצטער באַדראָטער אינסטיטוציע, זיך גע־שטעלט אַליין צו איר שוץ און מאָביליזירט אַנדערע קרעפטן צו הילף, זיך געוואָרפן מיט חכמה און מיט קעגן־איינפאַלן, און מיט דרייסטקייט און מוט קעגן די ביוראָ־קראַטן און שטאַרקע מאַכטהאָבער. עס איז געווען אַן אמתער צוויי־געראַנגל, אַ

וועטקאַמף צווישן שוואַרצער רעאַקציע און האָפנונגספולער פרייהייט—זעלבסטווירדע.

אָבער דער גרעסטער שונא פון דער „צישאָ"—איז געווען הונגער, אין פשוטן זינען פון וואָרט: הונגער, דחקות, נויט. דער שכר־לימוד איז געווען קליין, ניט גענוגנד. קיינע סובסידיעס פון דער רעגירונג און פון די יידישע קהילות. און די הוצאות אויף שול־לאָקאַלן זיינען געווען זייער גרויס, לערער זיינען געווען אויסגעשעפּט פיזיש, הונגעריק, פאַרצווייפלט. און ח' מענדעלסאָן האָט זיין גאַנצן פּראַקטיש־פינאַנציעלן זשעני אָנגעשטרענגט און זיך געוואָרפן אין דער אַרבעט צו שאַפן מיטלען פאַר די שולן. אין די מאַגיסטראַטן און שטאָטראַטן, אין „דזשוינט" און „טאָז", אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אין אויסלאַנד; דורך אויפרופן און קאַמפּיינס, דורך צוציען שליחים און סימפּאַטיעס, דורך שאַפן קאָמיטעטן און פריינד. עס איז ניט צו באַשרייבן זיין עקשנות און פעסטקייט אין דער דאָזיקער אַרבעט, זיין דערפינדערישקייט און פאַרנעם. אויב ניט אַלעמאָל האָט עס געבראַכט דירעקטע מאַטעריעלע פאַרלייכטערונג פאַר די לערער,—איז עס אָבער פאַר זיי שטענדיק געווען אַ געזעלשאַפטלעכע דערמונטערונג און טרייסט.

אָבער ניט דער רעכטלעכער קאַמף און ניט די פינאַנציעלע אָנשטרענגונגען האָבן געקענט איינשלינגען דעם גאַנצן מענדעלסאָן — אין דער „צישאָ". דאָס זיינען דאָך געווען בלויז פּאַטאַלע בייזאַכן. דער הויפּט־שליאַך פון דער „צישאָ" איז דאָך געלעגן אין דער פּעדאַגאָגישער שעפערישקייט פון דער שול. און דאָ, אויף דעם געביט, איז ניט געווען קיין איין געשעעניש, קיין איין אונטערנעמונג, וואָס זאָל זיין אויסער דער אויפמערקזאַמקייט פון ח' מענדעלסאָן. הגם אַליין מיט אַ קליינער אייגענער שול־פּראַקטיק, מער טעאָרעטיש צוגעגרייט צו דער דאָזיקער אַרבעט, איז ער אויך דאָ געווען אויסערגעוויינלעך אַקטיוו, שעפעריש. יידישע געשיכטע און יידישע ליטעראַטור אין דער פאָלקשול—דאָס זיינען געווען זיינע באַליבטע און פּרוכטבאַרסטע טעמעס. ער האָט צענדליקער טיף־דורכגעטראַכטע רעפעראַטן געהאַלטן פאַר די לערער אויף דידאַקטיק טעמעס, אויף קורסן, קאָנפערענצן, צוזאַמענפאָרן. ער האָט זיך געפרייט און געגרויסט מיט יעדן נייעם עטאַפּ אין דער שול־אַרבעט, מיט יעדער נייער דערגרייכונג און בעסערונג. ער האָט די לערער גערופן צו אַרבעט איבער זיך, צו פאַרפולקאָמונג. זיין פּערספּעקטיוו בנוגע דעם פּעדאַגאָגישן ניוואָ פון דער יידישוועלטלעכער שול—איז געווען פון גרויסן פאַרמעסט, אויף מאַסשטאַבן פון מערב־אייראָפּע. אָבער אין דער זעלבער צייט—באַזירט אויף יסודות פון יידישן לעבן, פון יידישער קולטור, פון אָנגעזאַמלטע אוצרות און דערפאַרונגען במשך דורות פון יידישער געשיכטע.

אין די זשורנאַלן פון דער „צישאָ" („נייע שול", „שולוועגן", „שול און לעבן") איז ער געווען מיטרעדאַקטאָר, און דאָ האָט ער געדרוקט ניט נאָר אַרטיקלען פון אָרגאַניזאַציאָנעלן און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, נאָר אויך פון ריין־פּעדאַגאָגישן און מעטאָדישן. אין „פאָלקסציישונג", „פּאָרויס" און אַנדערע אויסגאַבעס האָט ער געדרוקט אַרטיקלען איבער דער יידישער ליטעראַטור און איבער באַזונדערע שרייבער און ווערק, איבער באַזונדערע וויכטיקע קולטור־ליטעראַרישע טעמעס. און אויך דאָס דאָזיקע וואָרט זיינס איז געווען אויטאָריטאַטיוו פאַר דער לערערשאַפט. זיי האָבן פון דעם געלערנט און געגנוס געהאַט. און דורך דער פּערזענלעכקייט פון ח' מענדעלסאָן האָט אין זייער באַוואוסטזיין זיך צונויפגעבאַפּטן יידישע שול מיט יידישער

ליטעראַטור, קולטור, שפּראַך און אַרבעטער־באַוועגונג. און ש. מענדעלסאָן איז אין זייער פאַרשטעלונג געווען דער איבערצייגנדסטער מוסטער און רעפּרעזענטאַנט פון דער מאָדערנער יידישער קולטור־באַוועגונג און ליטעראַטור, פּונקט ווי ער איז געווען פאַר זיי דער אַנערקענטסטער פירער פון דער שול און פון שול־באַוועגונג.

ווען אין וואַרשע איז געווען אין 1923־1925 טעטיק דער לערער־סעמינאַר פון „צישאָ", איז ש. מענדעלסאָן געווען צווישן זיינע באַליבטע לעקטאָרן (נייע יידישע ליטעראַטור און מעטאָדיק פון געשיכטע). אין ווילנער סעמינאַר און אין דער רעאַל־גימנאַזיע איז ער געווען יאָר־יערלעך אויף אַ פּעדאַגאָגישן באַזוך, זיך באַטייליקט אין די עקזאַמענס פון די תלמידים, אָפּגעהאַלטן קאָנפערענצן מיט דער לערערשאַפט. אין 1921 און 1922 איז ער געווען דער פאַרוואַלטער פון די לערער־קורסן אין וואַרשע. אין דער קאָנפערענץ פון יידיש־לערער (1922), אין דער ערשטער לאַנד־קאָנפערענץ סוף 1923, און דער צווייטער לאַנד־קאָנפערענץ פון 1925, אויף דער דריטער לערער־קאָנפערענץ (1927), אויף דער לאַנד־קאָנפערענץ פון געשיכטע־לערער אין 1939; אויף אַלע פילצאָליקע ראַיאָן־קאָנפערענצן פון די לערער אין די גרעסערע פּראָווינץ־שטעט; אויף אַלערליי לערער־קורסן און אויסשטעלונגען—אומעטום איז דער אָנטייל פון ש. מענדעלסאָן געווען זייער אָנזעעווודיק און רעפּרעזענטאַטיוו. אומעטום האָט הויך געקלונגען זיין וואָרט פון אויפקלערונג, פּראָפּאַגאַנדע, פון פּראָטעסט, פון דער־מונטערונג און רוף צו בויען אָן אויפהער, ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, מכשולים און דיסקרימינאַציעס.

זייער פיל צייט, ענערגיע און איניציאַטיוו האָט ח' מענדעלסאָן געשאָנקען דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. דאָס איז פאַר אים ניט געווען קיין געביט, וואו ס'האָבן זיך געפאָדערט זיינע טאַלאַנטן אַלס רעדנער, שרייבער, אָדער זיין טעמפּעראַמענט פון קאַמף און פּראָטעסט. מעדעם־סאַנאַטאָריע איז געווען אַ שטילע, אינערלעכע אַרבעט, געבויט אויף גרויסער ליבע צום קינד פון יידישן אַרבעטער און פּאָלקסמענטש. מעדעם־סאַנאַ־טאָריע איז געווען אַ ווערק פון טאָג־טעגלעכער איינגעשפּאַרטער, אויסגעהאַלטענער אָרגאַניזאַציאָנעלער און פּעדאַגאָגישער אַרבעט. און ווי ח' מענדעלסאָן איז ניט געווען באַשעפטיקט אין דער שול־אָרגאַניזאַציע און אין דער פּאַרטיי, און הגם די סאַנאַטאָריע איז געווען אַ שעה רייזע מיט דער באַן פון וואַרשע,—האָט ח' מענדעלסאָן געפונען געניג צייט, געניג רואיקייט אין זיך, געניג אינטערעס צו קומען יעדעס מאָל אין דער סאַנאַטאָריע און זיך אָפּגעבן דאָרט מיט די צענדליקער פּראָבלעמען פון דער עקזיס־טענץ און טעטיקייט פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג און פּרעזידיום פון דער סאַנאַטאָריע. עס איז פּאַקטיש ניט אונטערגע־נומען געוואָרן קיין שום וויכטיקע זאַך אין סאַנאַטאָריע אָנעם וויסן, אָן אַ באַראַטונג מיטן ח' מענדעלסאָן. ער איז דאָ געווען אין אַ גרויסער מאָס דער איניציאַטיוו־געבער, דער אידייען־זוכער און אויך דער פּאָן־טרעגער. צי האָט זיך געהאַנדלט וועגן געלט־מיטלען פאַר דער טאָג־טעגלעכער חיונה פון דער סאַנאַטאָריע, צי האָט זיך געהאַנדלט וועגן בויען אַ נייעם פּאַוויליאָן, אָדער איז געגאַנגען וועגן אויסגעפינען אַ פּאַסיקן מעדיצינישן און פּעדאַגאָגישן פּערסאָנאַל, צי וועגן איינפירן עפּעס אַ נייס אין פּראָ־גראַם פון דער סאַנאַטאָריע־אַרבעט אויפן געביט פון דערציאונג און פאַרווײלונג; צי האָט זיך געהאַנדלט וועגן שאַפן די נויטיקע פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור פאַר דער סאַנאַטאָריע: האָט מען געדאַרפט גיין מיט אַ דעלעגאַציע צו אַ יידישער אָדער ניט־

יידישער קערפּערשאַפט און פּאָדערן הילף פאַרן אַנשטאַלט; צי איז עס געגאַנגען וועגן שאַפן און שפּעטער פאַרטיידיקן דעם סאַנאַטאָריע־פילם „מיר קומען אָן"‚—אומעטום, בוכשטעבלעך אומעטום, ביי יעדער אַרבעט, ביי יעדן וויכטיקן שריט איז ח׳ מענדעלסאָן געווען אַקטיוו מיט ראַט און טאַט. די מעדעם־סאַנאַטאָריע איז ניט געווען כלפּי חוץ קיין „פּאָליטישע" אונטערנעמונג, און ח׳ מענדעלסאָנס אַרבעט דאָ האָט אים ניט געבראַכט קיין לאָורען פון כבוד און טיטלען, זי האָט אויך ניט געשפּייזט זיין דראַנג צו עפנטלעכקייט, צו פּראָפּאַגאַנדע פון גרויסן זשעסט; ניט געווען דאָ קיין אידייאישע שלאַכטן, קיין צווישן־פּאַרטייאישע קאַמפן; דאָ אויפן שטח פון דער סאַנאַטאָריע, האָט זיך אויסגעלעבט דער פּעדאַגאָג אין אים, די פאַרבאַהאַלטענע בענקשאַפט צו פאַמיליע־לעבן, די אינטימע ליבע צום קינד—ניט צום אַבסטראַקטן קינד פון דער שול־פּראָפּאַגאַנדע, נאָר צום לעבעדיקן קינד פון די וואַרשעווער הייפן. די שטילע, רואיקע אַטמאָספער פון דער סאַנאַטאָריע האָט דעם שטענדיק־אומרואיקן, מיט ענערגיע־שפּריצנדיקן ש. מענדעלסאָן—געגעבן פּויזעס פון רואיקייט, שטילקייט, פון אינער־לעכער זעלבסט־פאַרטיפונג. דער קרייז פון מיטאַרבעטער האָט געגעבן מעגלעכקייטן פון אויסלעבן זיך פערזענלעך; דאָ האָט זיין עמפּינדלעכע נשמה אָפּגענומען גרוסן פון דער צוקונפט—פונעם צוקונפטיקן מענטשן פון אַ פרייער גליקלעכער וועלט. דאָ, אין מעדעם־סאַנאַטאָריע, האָט ער געזען די אידייען פון סאָציאַליסטישער עטיק און מאָראַל, פאַרווירקלעכט אין דער טאָג־טעגלעכער דערציאונג. און דערפאַר האָט ער אַזוי פיל ליבע געשאָנקען אָט דער שיינער אינסטיטוציע, וועלכע איז געווען אַ קינד פון דער שול־און אַרבעטער־באַוועגונג.

די געשילדערטע שעפערישע און פּאָזיטיוו־אויפטועדישע אַרבעט פון ח׳ ש. מענ־דעלסאָן אין דער „צישאָ" און אין דער סאַנאַטאָריע—דאָס זיינען אויך געווען זיינע גליקלעכע מאָמענטן. פון דאַנען האָט ער געשעפּט באַפרידיקונג, צופרידנקייט, אפילו גליקזעליקייט. דאָס איז געווען די קאָמפּענסאַציע פאַר די האַרצווייטאָגן און קאָפּ־דרייענישן אויפן מאַטעריעלן און רעכטלעכן געביט פון דער שול. אָבער דאָס אַלץ איז געקויפט געוואָרן פאַרן פּרייז פון גרעסטע אָנשטרענגונגען, פון נערוון־געשפּאַן, יסורים און קלעמענישן. און עס זיינען טאַקע געווען עטלעכע פאַלן, ווען אין דעם „צישאָ"־לאָקאַל גופא האָט ח׳ מענדעלסאָן זיך איינגעבראָכן, אָוועקגעפאַלן מיט אַן אַטאַק פון די נירן, מיט אַן אַטאַק פון האַרצן, און מען האָט אים געמוזט אָוועקפירן אַ קראַנקן און אַריינלייגן אין בעט. ער האָט זיך געוואָרט קעגן דעם, זיין שטורמישער טעמפּעראַמענט און אייזערנער ווילן האָבן ניט געקענט שלום מאַכן מיט אַזאַ נעבעכ־דיקער פאַר אים סיטואַציע. אָבער ס׳האָט ניט געהאָלפן . . . דאָס איז געווען זיין געזונט־ און בלוט־שטייער דער „צישאָ", דער שול־באַוועגונג, דער בונדישער אַרבעטער־באַוועגונג . . .

* * *

ח׳ שלמה מענדעלסאָן איז געווען אַ שול־בויער און שול־קעמפער פון גאָר גרויסן פאַרנעם. ער איז געווען איינער פון די, וואָס האָבן געשמידט די אידעאָלאָגיע פון דער געוועזן אַ רינג אין דער קייט פון נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און נאַציאָנאַלן שאַפן. פון דער אַנדערער זייט, איז זי געווען פאַר אים די אַרענע פון סאָציאַלער אַקטיוויקייט אין יידישן לעבן. זי איז געווען דער פּרובשטיין פון דער ריכטיקייט, אויסגעהאַלטנ־קייט און אָנווענדבאַרקייט פון דער סאָציאַליסטישער און בונדישער אידיי אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ח' מענדעלסאָנס צוגאַנג און קוק אויף דער שול־פּראָבלעם איז געווען אַ ברייט־פאַרמאָסטענער, אידייאיש־געוואַגטער, מיט אַ ווייטן קולטור־נאַציאָנאַלן און מענטש־לעך־סאָציאַליסטישן האָריזאָנט. יידישע שול איז געווען פאַר אים פאַרבונדן מיט די פּערספּעקטיוון פון אינערלעך־נאַציאָנאַלן לעבן פון יידישן פאָלק, מיט דער קלאַסן־נייער יידיש־וועלטלעכער שול. פאַר אים האָט זיך שול און קולטור צונויפגעגאָסן מיט דער גאַנצער יידיש־נאַציאָנאַלער פּראָבלעמאַטיק; די „ציש״אָ״־שול איז געווען פאַר אים דער קאָנקרעטער וועג צו פורעמען דעם נייעם מענטש און ייד. די שול איז פאַר אים דיפערענציאַציע אין די רייען פון יידישן פאָלק, מיטן ציל־באַוואוסטן שטרעבן אַנט־קעגן־צו־שטעלן זיך דער ניוועלירנדיקער, אָפּטויטנדיקער און פּרוכטלאָזער אַסימילאַציע. דער קאַמף קעגן אַט דער אַסימילאַציע האָט אויסגעפילט דאָס גאַנצע לעבן פון ח' מענ־דעלסאָן, און דעם הויפּטגעווער קעגן איר האָט ער געזען אין דער נייער יידיש־וועלט־לעכער שול און קולטור.

אַ טיפע און גלענצנדע כאַראַקטעריסטיק פון דער „צישאָ״־שול האָט ח' ש. מענ־דעלסאָן געגעבן אין זיין אריינפיר־וואָרט צו מיין בוך „די געשיכטע פון יידישן שול־וועזן אין אומאָפּהענגיקן פוילן״. ער האָט דאָ געגעבן אַ באַלערנדיקן מאַרקסיסטישן אַנאַליז פונעם גאַנצן שול־פּראָבלעם בכלל און פון די באַזונדערע יידישע שול־טיפּן אין פוילן, און פאַרשטייט זיך, די הייסעסטע און געפילפולסטע ווערטער האָט ער געווידמעט דער „צישאָ״־שול, וועגן וועלכער ער האָט געשריבן אַזוי:

„צישאָ־שול איז געווען אַן אויסדרוק פון די קעמפנדיקע יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן. זי האָט אַקומולירט סיי די סאָציאַלע, סיי די נאַציאָנאַלע שטרעמונגען, האָפ־נונגען און קאַמפן פון דער דאָזיקער מאַסע. דאָס איז געווען אַ גרויסער היסטאָרישער פאַרמעסט צו שאַפן נייע, וועלטלעכע פאָרמען פון יידישן לעבן. אין דער איבערברוך־צייט, נאָכן צוזאַמענברוך פון דער יידישער רעליגיעזער קולטור אַלס רעגולירנדיקער פאַקטאָר, האָט דער דאָזיקער וועג ממש נאַציאָנאַל געראַטעוועט דאָס יידישע לעבן. דאָס צונויפבינדן נאַציאָנאַלע שעפערישקייט מיט אַ גרויסער אויסלייזנדיקער אידיי, מיטן סאָציאַליזם—איז געווען אומגעהויער פּרוכטבאַר. עס האָט אונדזער לעבן גע־געבן אַ גרויסן שוואונג. עס האָט געגעבן אַ געוואַלדיקע אידייאישע אָנלאָדונג. איז טאַקע נישט קיין וואונדער, וואָס „צישאָ״ האָט פאַרמאָגט אַזוי פיל אַגרעסיווקייט, אַזאַ מעכטיקן אימפּעט. עס איז אויך פאַרשטענדלעך די נייגונג אין אַ געוויסן פּעריאָד פון דער „צישאָ״־געשיכטע צו עקסטרעמקייט, די טיפּישע פאָרעם פון אַנטיטעזע ביז זי גייט אַרויף אויף די רואיקערע וואַסערן פון סינטעז. עס האָט זיך געהאַנדלט נישט בלויז וועגן אַ נייער שול־אידיי, וואָס האָט באַהאַפטן יידישע פאָרמען און אינהאַלט מיט וועלט־אויסקוק, מיט גוט־פאַרשטאַנענעם אינטערנאַציאָנאַליזם—נאָר עס איז דאָך אויך געווען אַ פּרוב פון שאַפן אַ נייעם לעבן־שטייגער. דאָס איז אַ זשמודנער, שווע־רער, לאַנג־דויערנדיקער פּראָצעס. דעריבער קוקן אויס אַזוי אָרעם און פלאַך די אַלע, וועלכע טשעפּן זיך צו פרישטשעקלעך,—כדי צו באַווייזן, אַז אונדזער גאַנג צו וועלט־לעכקייט איז געווען אַ פעלער. זיי זעען קליינע בראָדעווקעלעך און פאַרזעען לחלוטין דעם גרויסן היסטאָרישן לייוונט.

„עס איז נאָך צו־נאָענט און דער ווייטאָק צוליב דעם אומקום איז נאָך צו־ברענענדיס, אַז מיר זאָלן שוין איצט קענען אין דער פולער מאָס אָפּשאַצן דאָס

אויסערגעוויינלעכע קאפּיטל אין דער יידישער געשיכטע, וואָס רופט זיך צישאָ".

און ווייל די שול־פּראָבלעם איז פאַרן ח' מענדעלסאָן געווען אַן אָרגאַנישע טייל פון דער גאַנצער יידישער נאַציאָנאַלער פּראָבלעמאַטיק, דערפאַר האָט ער אויך אויפן אַמעריקאַנער באָדן מיט אויסערגעוויינלעכער נאַטירלעכקייט און מיטן זעלבן ברען פאַר־געזעצט דעם שול־קאַמף און געפּריידיקט די זעלבע שול־ און קולטור־אידייען, אַזוי ווי פאַרן קריג אין פּוילן. זיין טיפער גלויבן אין דער שעפערישקייט און נאַציאָנאַלער פּרוכטבאַרקייט פון דער שול־אידייע האָט אים געגעבן מוט אויך אויפן היגן באָדן און אין די יאָרן פון דער גרעסטער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע צו שטיין און עפנטלעך פּריידיקן „גרעסערע טאַטן" און דרייסטן פאַרמעסט אין דער היגער שול־באַוועגונג. „נאָר אַ טאַט אָנגעלאָדן מיט אידעאַליזם און גרויסן ווילן קען אַ געוויסע צאָל מענטשן אָנצינדן . . . היינט איז געקומען די צייט פון פאַרמעסטן זיך אויף אַ פולער יידיש־וועלטלעכער שול, ד"ה אַ טאָג־שול, וואו אַלע לימודים זאָלן געלערנט ווערן און די דערציאונג פון קינד זאָל זיך געפינען אין אונדזערע הענט"—אַזוי האָט ער געשריבן אין „קולטור און דערציאונג", אָקטאָבער 1945, און ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן האָט ער אויף צוזאַמענפאָרן, קאָנפערענצן און זיצונגען ניט אויפגעהערט צו פּריידיקן דעם זעלבן לאָזונג. און אויף דעם שול־צוזאַמענפאָר פון ארבעטער־רינג אין 1946 איז ח' ש. מענדעלסאָן געשטאַנען אויף דער טריבונע און גערעדט:

„עס איז נישט מעגלעך קיין שעפעריש נאַציאָנאַל לעבן אָן יידיש. דעריבער, ווי נעבעכדיק עס איז איצט נישט די לאַגע און דער מצב פון יידיש אין אַמעריקע, טאָר מען זיך נישט אָפּזאָגן פון דער האָפענונג און פּערספּעקטיוו פון אַ רעגענעראַציע פון יידיש. יעדנפאַלס, מוזן מיר זיין די טרעגערס און מאָנערס פון דעם געדאַנק, פון דער האָפענונג. מיר מוזן זיין קנאים,—ווייל אָן פאַנאַטיזם ביי פּיאָנערן איז קיין גרויסע זאַך נישט אויפגעקומען.

„. . . מיטן קאָפּ קען מען די וואַנט נישט דורכברעכן, טראַכטן אַ סך וועגן דער לאַגע און דער צוקונפט פון דער יידישער קולטור אין אַמעריקע. אין דער פיזיק איז דאָס אַן אַקסיאָם, אַז ביי אַ צוזאַמענשטויס פון קאָפּ און וואַנט, מוז דער קאָפּ פאַר־לאָרן גיין, אָבער אין געזעלשאַפטלעכן און נאַציאָנאַלן לעבן איז דער כלל נישט גילטיק. דאָס באַווייזט די געשיכטע פון קאַמף פאַר פרייהייט אָדער פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג. גיכער איז אין די פאַלן גילטיק די באַרימטע אַלעגאָרישע שילדערונג פון מאַקסים גאָרקי וועגן פעלדז און כוואַליע, וועלכע שווענקט אונטער דעם מעכטיקן שטיין. קיינער קאָן מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט נישט פאָראויסזאָגן דעם אויסגאַנג, אָבער צי האָבן מיר אַ רעכט נישט צו פּרוּוון, נישט צו פאַרמעסטן זיך?

„. . . טייערע פריינד, אַ יחיד ווערט פון אַ סך ארבעט מיד, פון אַ סך איבער־לעבונגען—צעבראָכן. לגבי אַ כלל איז חל אַ פאַרקערטער געזעץ—וואָס מער מען אַרבעט, וואָס מער מען שאַפט, אַלץ שטאַרקער ווערן די מוסקולן, אַלץ גרעסער די ענערגיע, אַלץ שטאַרקער דער אימפּעט און אַלץ ברייטער די מעגלעכקייטן. מיר מוזן זאָגן, אויב מיר וועלן קענען וועלן, וועלן מיר אויך קענען."

ח' מענדעלסאָן האָט אויף דעם צוזאַמענפאָר גערופן צו אָפּטימיזם, צו „שטעלן זיך אויף די שפּיץ־פינגער און אַריבערקוקן איבער דער איצטיקער ביטערער ווירק־לעכקייט צו אַ ווייטערן מאָרגן". לאָמיר בלייבן געטריי צו אָט די אידייען און לאָזונגען פון דעם אונדז אַלעמען אַזוי טייערן ח' שלמה מענדעלסאָן.

# באַגריסונגען און אָפּשאַצונגען

דר. עזריאל אייזנבערג,
דירעקטאָר פון פילאַדעלפיער דערציאונגס־קאָונסיל

## אַ באַדייטונגספולע און היסטאָרישע באַראַטונג

עס איז אַ כבוד און אַ שטאָלץ אייך אויפצונעמען ביי אונדז אין שטאָט, חשובע געסט און דעלעגאַטן צום 15טן אַרבעטער־רינג שול־צוזאַמענפאָר. איך האָף אַז איר וועט דאָ פיין פאַרברענגען און אַז אייערע פאַרהאַנדלונגען וועלן ברענגען די גע־וואונטשטע רעזולטאַטן.

פאַר אייך, לאַנג־יאָריקע און אויסגעפּרובירטע שול־טוער און לערער, איז געווים איבעריק אָנצואווייזן די פּראָבלעמען און שוועריקייטן, וואָס מיר אַלע באַגעגענען אויפן געביט פון יידישער דערציאונג אין אַמעריקע. איך בין זיכער, אַז איר זייט אין אַ פולער מאָס מיט זיי באַקאַנט און איך דאַרף ניט צונעמען קיין צייט און קיין פּלאַץ זיי דאָ אויסצורעכענען.

ווי אַ דערציער, וואָס איז אין אַ לאַגע צו באַאָבאַכטן דאָס גאַנצע פעלד פון יידי־שער דערציאונגס־אַרבעט אין שטאָט, בין איך געווען צופרידן צו באַמערקן די נייע טענדענץ אַריינצוברענגען אין דער אַרבעטער־רינג שול די פייערונגען פון די טראַדי־ציאָנעלע יידישע יום־טובים און אַריינצוציען די תלמידים אין דער אַקציע אַרויסצו־העלפן דעם ישוב אין ארץ ישראל. אָט די פּאָזיטיווע שטעלונג אייערע באַגרים איך פון גאַנצן האַרצן.

די אַרבעטער־רינג שולן האָבן דאָס גליק צו זיין ענג פאַרבונדן מיט זייער מוטער־אָרגאַניזאַציע: די אַקטיווע מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג נעמען אַ וויכטיקן אָנטייל אין דער שול־פאַרוואַלטונג פון זייער געגנט. אַזאַ פאַרבינדונג פון דער אָרגאַניזאַציע מיט דער שול דאַרף באַגריסט ווערן און איז אין פולן הסכם מיט די העכסטע פּרינציפּן פון דער פּראָגרעסיווער דערציאונג. די צענטראַלע שול־קאָמיטעטן שפּילן אַן אָנגע־זעענע ראָל מיט דעם, וואָס זיי אַרבעטן אויס און פירן דורך די אַלגעמיינע אויפגאַבן פון דער שול־באַוועגונג. איבערהויפּט אויף איין געביט קען אַ צענטראַלער שול־קאָמיטעט אויסאיבן אַ דאָמינירנדיקע ווירקונג אויף דער שול־טאַקטיק פון דער גרוי־סער שטאָט. צוליב דעם, וואָס די יידישע באַפעלקערונג ציט זיך אָפּט איבער פון איין טייל שטאָט אין אַ צווייטן, שטייט פאַר דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג די וויכטיקע

אויפגאבע נאָכצופאָלגן אַט די ענדערונגען, צו עפענען שולן אין די נייע יידישע געגנטן אָפּטמאָל אויפן חשבון פון אַן אַלטער שול, אַרום וועלכער די יידישע באַפעלקערונג ווערט קלענער. ווי שווער דאָס זאָל ניט זיין, מוז אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט זיך אַנטשליסן אויף דעם נייטיקן שריט — און דער שטאַטישער קאָונסיל פון יידישער דערציאונג איז גרייט אין דעם אַרויסצוהעלפן מיט ראַט און טאַט.

איך דענק אויך, אַז עס וואָלט געווען זייער געוואונטשן צו מאַכן אַ פּרואוו אין דער ריכטונג פון פאַראייניקן און קאָנסאָלידירן אייניקע קלענערע שולן אין איין גרויסער דערציאונגס־אינסטיטוציע. עס וואָלט זיך אפשר געלוינט צונויפגיסן צוויי אַרבעטער־רינג שולן אָדער אַן אַרב.־רינג שול מיט אַ פאָלק־שול אין יענע געגנטן, וואו דורך אַזאַ קאָנסאָלידאַציע וואָלט געקענט געשאַפן ווערן אַ גרויסע יידישע שול, מיט מאָדערנע איינריכטונגען און מיט מער מעגלעכקייטן פאַר פּעדאַגאָגישע און דערציעריש אויפטואונגען. אַזאַ פאַראייניקונג וואָלט דער עיקר געקענט לייכט דורכגעפירט ווערן אין די העכערע קלאַסן פון דער עלעמענטאַר־שול און אין די מיטל־שולן. עס וואָלט געווען ראַטזאַם אַז דער נאַציאָנאַלער בילדונגס־קאָמיטעט זאָל אונטערנעמען אַזאַ עקספּערימענט, וואָס וואָלט געפירט, בין איך זיכער, צו גאָר גרויסע דערגרייכונגען.

אַ זייער פיינער איינפאַל פון די אַרב.־רינג שולן איז געווען די אַנערקענונג פון דער גרויסער יידיש־דערציערישער אַרבעט, וואָס קען אָנגעפירט ווערן אין די זומער קעמפּס. דער פילאַדעלפיער קעמפּ „האָפנונג" עקזיסטירט שוין אַ צוואַנציק יאָר און האָט אויפגעטאָן אַ סך פיאָנערן־אַרבעט אויף דעם געביט. די נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן פון די אַרב.־רינג שולן דאַרפן מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען פאַרצוזעצן אַט די טעטיקייט און אויספּרובירן אַלע מעגלעכקייטן צו פאַרבינדן דעם קעמפּ און די שול דורך אַ גוט־פּלאַנירטער, פול־יאָריקער פּראָגראַם פון יידישער דערציאונגס־אַרבעט.

און צום סוף, אין אָנזיכט פון די גוואַלדיקע איבערקערענישן און ענדערונגען אין יידישן לעבן, איז דער חוב פון די אַרב.־רינג שולן, פּונקט ווי פון אַלע אַנדערע טיפּן שולן, איבערצוקוקן זייערע צילן און אויפגאַבן און צוצופּאַסן זייער פּראָגראַם און מעטאָדישן צוגאַנג צו די נייע באַדינגונגען, מיט אַ קלאָרן קוק אויף דער צוקונפט פון אונדזער פאָלק. די אַרבעטער־רינג שולן האָבן זיך שטענדיק אָריענטירט אויף דעם לעבן און דער קולטור פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום. צו אונדזער גרויסן אומגליק, ליגט איצט אָט דער אַמאָל בליענדער יידישער ישוב אין חורבות. דאָס יידישע לעבן אָבער מוז און וועט פאָרגעזעצט ווערן!

אין אייערע פאַרהאַנדלונגען וועט איר געוויס זוכן די וועגן און מיטלען צוצוגרייטן די יידישע יוגנט צו דעם יידישן לעבן פון דער צוקונפט. אין דעם זינען באַטראַכט איך דעם איצטיקן אַרב.־רינג שול־צוזאַמענפאָר ווי אַ באַדייטונגספולע און היסטאָרישע געשעעניש.

זאָלן אייערע באַמיאונגען געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג.

י. ישורין, פרעזידענט
י. באסקין, גענעראַל־סעקרעטאַר
נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון אַרב.־רינג

## דער אַרבעטער־רינג און די שולן

יעדער יום־טוב פון די אַרב.־רינג שולן איז אויך דער יום־טוב פון דעם אַרבעטער־רינג אין אַלגעמיין. איז פאַרשטייט זיך, אַז די הײַ־יאָריקע יום־טובדיקע אויסגאַבע פון „אונדזער יאָרבוך“, וואָס איז געווידמעט דעם 15טן אַרב.־רינג שול־צוזאַמענפאָר, ווערט פון אונדז פייערלעך באַגריסט.

דער גייסט פון די שולן און די טעטיקייטן, וואָס ווערן אָנגעפירט אין און אַרום זיי, זיינען ענג פאַרבונדן מיטן אַרבעטער־רינג. די שטרעבונגן פון די שולן צו דערציען אַ דור, וואָס אים זאָל זיין טייער דער סאָציאַליסטישער געדאַנק און וואָס זאָל קעמפן פאַר אַ ליכטיקער יידישער און מענטשלעכער צוקונפט—אָט די שטרעבונג איז די נשמה פונעם אַרבעטער־רינג.

צו אייך, טוער און מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג אין פילאַדעלפיע, ווילן מיר אויסדריקן ביי דער געלעגנהייט פון דער 28־יאָריקער דערשיינונג פון אייער בוך, אונדזער אָנערקענונג פאַר דער פיינער, פאַרצווייגטער אַרבעטער־רינג טעטיקייט, וואָס איר פירט אָן אין אייער שטאָט. מיר ווייסן, ווי איבערגעבן איר זייט דורך אייער טאָג־טעגלעכער אַרבעט צו אַלץ, וואָס דער אַרבעטער־רינג שטעלט מיט זיך פאָר. מיר ווייסן, אַז פונקט ווי מיר, זייט איר באַזאָרגט וועגן דעם וואוילזיין פון דעם אַרבעטער־רינג, וועגן זיין וואוקס און זיין שיקזאַל.

טאָ זאָל אייער אָנשטרענגונג און איבערגעבנקייט נאָך גרעסער ווערן, ווייל אונדזער געזעלשאַפטלעכע פליכט אין באַצוג צו אונדזערע יידישע אויפגאַבן, אין באַצוג צו די אַלע פּראָבלעמען, וואָס שטייען אויפן סדר־היום פון אונדזער אַלגעמיינעם לעבן, פאָדערן אַזאַ אָנשטרענגונג פון אונדז. מיר ווינטשן אייך דערפאָלג אין אייער אַרבעט!

---

ב. געבינער
א. ר. געהילפס גענעראַל סעקרעטאַר

## אין ליכט פון דער היינטיקער צייט

דער אַרבעטער־רינג שול־צוזאַמענפאָר, וואָס וועט הײַ־יאָר אָפּגעהאַלטן ווערן אין פילאַדעלפיע, קומט־פאָר אין אַן אמת טראַגישער צייט אין אונדזער יידישן לעבן און אין אַ קאָמפּליצירטער צייט אין אונדזער אַלגעמיינעם לעבן. אונדזער שול־באַוועגונג איז נישט עטוואָס וואָס שטייט אָפּגעטיילט אַן און פאַר זיך. אונדזערע שולן זיינען אַ טייל פון אונדזער אַרב.־רינג אָרגאַניזאַציע, וואָס לעבט און שפּרודלט מיט קולטור־געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבן; אונדזערע שולן זיינען ניט נאָר לערן־אַנשטאַלטן, וואו די יונגוואַרג קומט זיך לערנען, נאָר זיינען אויך קולטור־אינסטיטוציעס, אַ דאַנק וועלכע

עס ווערט געשאפן די נייטיקע קולטור־אטמאָספער פאר די דערוואקסענע און פאר דער היים־סביבה פון די קינדער. און טאקע צוליב דעם אלעמען, ווערט אלץ מיט וואָס עס ברוויזט היינט צו טאָג דאָס יידישע און דאָס אלגעמיינע לעבן דארפן געפינען דעם אָפּקלאנג, אָדער, בעסער געזאָגט, דעם אויסדרוק, ביי דעם שול־צוזאמענפאָר.

פאר די קארגע דריי צענדליק יאָר, וואָס אונדזער שול־באוועגונג עקזיסטירט, האָט זי דורכגעמאכט א היפּשן מהלך. זי האָט דורכגעמאכט פארשידענע מעטאמאָר־פאָזן אין דעם עצם צוגאנג און אין איר פראקטיש־פעדאגאָגישער אָנווענדונג אין דער טאָג־טעגלעכער ארבעט. און דאָס איז גאנץ נאטירלעך פאר א לעבעדיקער שול,— לעבעדיק אין דעם זין וואָס זי וויל זיך רעכענען מיט דעם גייסט פון דער צייט, מיט די ענדערונגען וואָס קומען פאָר אין אונדזער אמעריקאנער־יידישן לעבן און אין דעם לעבן פון דעם גאנצן יידישן פאָלק.

אייניקע האַלטן אז אונדזער שול וואָלט געדארפט זיין דאָגמאטיש, און פונקט אזוי אויסגעשפּראָכן אין באצוג צו אירע פּרינציפּן און דער אָנווענדונג פון אירע פּרינציפּן אין דער פּראַקטיק, ווי עס איז געווען ביי איר גרינדונג און אין די פּיאָנערן־יאָרן פון איר ארבעט. די וואָס דענקען אזוי מאכן א טעות. דעם טעות מאכן זיי, ווייל זיי ווילן ניט באגרייפן, אז יידיש לעבן אין אמעריקע גופא האָט דורכגעמאכט באדייטנדיקע ענדערונגען.

לויט מיין אויפפאסונג, זיינען די ענדערונגען גראָד צום בעסערן פאר דער אנט־וויקלונג פון פילע זאכן אין וועלכע מיר גלויבן. עס איז דאָך א פאקט, אז היינט צו טאָג איז דאָ א ווארעמערע און א בעסערע באציאונג צו יידיש לשון, צו דער יידישער קולטור, יידישער ליטעראטור אין פארשידענע קרייזן פון דעם יידישן לעבן אין אמעריקע, ווי אין דער פארגאנגענהייט. און דאָס זיינען גראָד אזעלכע קרייזן, צו וועלכע דאָס אלץ איז געווען היפּשלעך פרעמד אין די פאַרגאנגענע יאָרן. אין די „וואָיס" און אין די יידישע צענטערס פירט מען היינט־צו־טאָג דורך מער יידישע לעקציעס און יידישע קאָנצערטן, און טאקע אין יידיש; דאָס איינפירן פון קלאסן צו לערנען יידיש און יידישע ליטעראטור אין פארשידענע קאלעדזשעס איבערן לאנד, איז אויך א וויכטיקע דערשיינונג. דאָס איינפירן פון לערנען יידיש אין מער און מער תלמוד־תורות איז אויך א וויכטיקער צוגאָב צו דעם אלעמען. דאָס אלץ איז ניט געקומען פון זיך אליין. פאר דעם איז נייטיק געווען צו שאפן אן אטמאָספער, א קלימאט. דאָס איז געשאפן געוואָרן אין דעם פּראָצעס פון די פארגאנגענע פאָר צענדליק יאָר יידיש־וועלטלעכער קולטור־ארבעט, און אין דער ארבעט האָט פארנומען און פארנעמט אונדזער ארב.־רינג שול טעטיקייט א וויכטיקן פּלאַץ.

עס איז אויך וויכטיק צו אונטערשטרייכן (און וועגן דעם שרייבט מען לעצטנס זייער פיל), אז דער גרעסטער טייל פון דער יונגוואָרג וואָס קומט אין אונדזערע שול־

קרייזן היינט־צו־טאָג, איז פון עלטערן וואָס זיינען דאָ געבאָרן געוואָרן. עס מוז דאָך עפּעס זיין וויכטיקעס אין דעם וואָס אזעלכע עלטערן, פון וועלכע פיל קענען אליין ניט קיין יידיש, זיינען דאָך וויליק און גרייט צו שיקן זייערע קינדער אין אונדזערע שולן. אָט די אַלע מאָמענטן זיינען וויכטיקע און פּאָזיטיווע דערשיינונגען אין פאַרבינדונג מיט אונדזער יידישער קולטור־אַרבעט, אין פאַרבינדונג מיט אונדזער שול־באַוועגונג, אָבער די אַלע פּאָזיטיווע דערשיינונגען ליגן אויך אַרויף אַ פליכט אויף אונדזער שול־באַוועגונג: און די פליכט איז—צוצופּאַסן פּעדאַגאָגיש און פּראָגראַמאַטיש די טאָג־טעגלעכע אַרבעט אין אונדזער שול אַזוי, אַז עס זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט אָט די אַלע נייע דערשיינונגען אין אונדזער לעבן. פאַרקוקן דאָס אַלץ און זיך ניט רעכענען דערמיט, מיינט אוועקשטויסן אונדזער שול־באַוועגונג און אונדזער שול־אַרבעט אין אַ ווינקל און זי ניט פאַרוואַנדלען אין דעם לעבעדיקן דערציִאונגס און קולטור־אינסטרומענט, וואָס זי דאַרף מיט זיך פאָרשטעלן.

און נאָך עפּעס: יידיש לעבן שטייט היינט אויפן שייד־וועג. די טראַגעדיע פון אונדזער פאָלק אין אייראָפּע, דער טראַגישער געראַנגל פון דעם יידישן ישוב אין ארץ ישראל, די פּאַסיוקייט פון אַ גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג פון אַמעריקע גופא אין באַצוג צו זייערע נאַציאָנאַלע און קולטורעלע אויפגאַבן—דאָס אַלץ פאָדערט און מאָנט אַן ענטפער.

דער אַרבעטער־רינג, וועלכער איז ניט סתם אַזוי זיך אַ יידישע פראַטערנאַלע און פאָלקס־אָרגאַניזאַציע, נאָר אויך אַ וויכטיקע, פירנדיקע קולטור־געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, ווייטיקט מיט די אַלע אָנגעוויזענע פּראָבלעמען, זוכט פאַר זיי אַ לייזונג, און באַמיט זיך דורך דער פּראַקטישער טאָג־טעגלעכער אַרבעט העלפן אין דער לייזונג פון די פּראָבלעמען.

באַגריסנדיק דעם שול־צוזאַמענפאָר, די שול־טוער, די אַרב.־רינג טוער און די לערערס, וועלכע וועלן דאָרט זיין פאַרזאַמלט, האָף איך, אַז דער שול־צוזאַמענפאָר וועט זיך שטעלן אויף דער נייטיקער הייך און דורך זיינע דיסקוסיעס, פאַרהאַנדלונגען און באַשלוסן אַוועקשטעלן אין צענטער פון דער אַרבעט דאָס אַלץ, וואָס דאַרף באַשעפטיקן אונדז אַלעמען היינט־צו־טאָג אין אונדזערע קולטור־פּראָבלעמען און אין אונדזערע קולטור־אויפגאַבן.

עס ווילט זיך האָפן, אַז דער שול־צוזאַמענפאָר וועט דורך זיינע פּראָגראַמאַטישע און פּראַקטישע באַשלוסן פירן אונדזער שול־באַוועגונג, אונדזער אַרבעטער־רינג, אונדזער יידיש קולטור־לעבן אין אַמעריקע צו גרעסערע, נאָך וויכטיקערע ווי אויך טיפערע דערגרייכונגען, לטובת אונדזער יידישער קולטור און לטובת אונדזער יידישן קיום אומעטום.

ל. געלפאַר, פּאָרזיצער
פון אַרב.־רינג בילדונגס־קאָמיטעט

# פאַר אַ יידיש־סאָציאַליסטישער שול

פילאדעלפיע פארנעמט א גאר אָנגעזעענעם פּלאץ אין דער ארב.־רינג שול־באוועגונג איבער דעם גאנצן לאנד, און עס איז ניט קיין צופאל וואס אין פילאדעלפיע איז אָפּגעהאלטן געווארן מער שול־צוזאמענפאָרן, ווי אין וועלכער עס איז אנדער שטאָט. די לערער און שול־טוער פון פילאדעלפיע האָבן אנטוויקלט א פארצווייגטע טעטיקייט אַרום אונדזערע שולן, פון וועלכער דער „קינדער־רינג" איז א טייל.

דער איצטיקער „יאָרבוך" איז א וויכטיקער בייטראָג צו דעם צוזאמענפאָר, וועלכער האָט פאר זיך אַ סך ערנסטע פּראָבלעמען.

יעדערער פון אונדז פילט איצט — מער ווי ווען ניט איז פריער — די גרויסע אחריות, די טיפע פאראנטוואָרטלעכקייט, וואָס די איצטיקע צייט לייגט ארויף אויף אונדז—אויף דעם גרעסטן יידישן ישוב אין דער וועלט,—פאָרצוזעצן און נאָך מער אנטוויקלען אויף דעם אמעריקאנער באָדן די גרויסע יידישע קולטור־אוצרות, וועלכע מיר האָבן געירשנט פון אזוי פיל דורות פאר אונדז. אונדזער שול־באוועגונג איז דער וויכטיקסטער מיטל צו דערגרייכן אָט דעם ציל.

מיר דארפן זוכן—און מוזן געפינען—די וועגן און די מיטלען, ווי אזוי צוצוקומען צו דעם הארץ און געוויסן פון די אמעריקאנער־געבוירענע יידישע עלטערן, און זיי אויפוועקן צו טאָן זייער פליכט—געבן זייערע קינדער א יידישע וועלטלעכע דערציאונג.

אויף אָט דעם געביט איז נאָך דאָ זייער א סך צו טאָן פאר די וועלכע פילן די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דעם יידישן געזעלשאפטלעכן און קולטורעלן לעבן אין אמעריקע.

מיט אונדזער אַרבעט אין די פארגאנגענע יאָרן האָבן מיר באוויזן, אז מיר קאָנען דערגרייכן גאָר אַ סך: די אַרב.־רינג שולן האָבן אנטוויקלט א יידיש־פילנדיקע יוגנט, באַרייכערט זי מיט וויסן וועגן דעם לעבן פון אונדזער פאָלק—אמאָל און היינט,— א יוגנט וועלכע וויים די וויכטיקייט און די נייטיקייט צו קעמפן קעגן ראַסן־האַס, דיקטאטור, אונטערדריקונג פון פעלקער, און פאר גערעכטיקייט און יושר פאר אַלע קלאַסן און פאר יעדן פאָלק.

צו דער געלעגנהייט פון אונדזער צוזאמענפאָר וויל איך זאָגן צו אַלע לערער און טוער, צו אָט די אַלע וועלכע שטייען אזוי געטריי אַרום אונדזערע שולן, און ווייזן אַרויס אזויפיל אידעאַליזם, מוט און באַגייסטערונג: זייט הארציק באַגריסט! און לאָמיר באַלד נאָך דעם צוזאמענפאָר זיך נעמען צו א ווייטערער און ברייטערער טעטיקייט פאר דער יידישער סאָציאַליסטישער שול, פאר דער יידישער וועלטלעכער קולטור!

ר. בלאק, פּאָרזיצער
נ. חייט, סעקרעטאַר
פון דער ניו־יאָרקער צענטראַלער שול־פּאַרוואַלטונג

# אויפן שוועל פון אונדזער 30־יאָריקן יובילייִ

מיט פאַרגעניגן נעמען מיר אָן די איינלאַדונג פון דער „קינדער־רינג" פאַרוואַלטונג צו באַגריסן דעם 15טן שול־צוזאַמענפאָר, וואָס וועט סוף אַפּריל אָפּגעהאַלטן ווערן אין פילאַדעלפיע.

מיר באַטראַכטן יעדן שול־צוזאַמענפאָר פאַר אַ וויכטיקן עטאַפּ אין לעבן פון אונדזערע שולן. עס קומען זיך צוזאַמען לערער און טוער פון אַלע שטעט און שטעטלעך איבערן לאַנד. יעדער דעלעגאַט ברענגט צום צוזאַמענפאָר זיין אָנגעקליבענע דערפאַרונג אין דער שול־אַרבעט. עס קומט פאָר אַן אויסטויש פון מיינונגען, געדאַנקען, געפילן און האָפענונגען; עס ווערן אויסגעהערט ערנסטע און באַלערנדע אָפּהאַנדלונגען וועגן די אָנגעווייטיקטע פראַגן, וואָס שטייען פאַר אונדזער שול־וועזן, —און דער רעזולטאַט איז אַז מען פאָרט זיך פאַנאַנדער אָנגעזאַפּט מיט מער מוט, אידעאַליזם און גרייטקייט ווייטער צו בויען און שטאַרקער צו מאַכן די אַרבעטער־רינג שול־באַוועגונג אין לאַנד.

און אין דער שווערער און טראַגישער צייט, וואָס מיר לעבן איצט דורך—טראַגיש פאַר אונדזער פאָלק און פאַר דער גאָרער וועלט—וועלן מיר אויף דעם איצטיקן שול־צוזאַמענפאָר מוזן אויפנעמען נייע, איצט אויפגעשוואומענע פּראָבלעמען פון אונדזער שול - אויפבוי, פּראָבלעמען פעדאַגאָגישע, פּראָגראַמאַטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע, פּראָבלעמען פון אויסשפּרייטן אונדזער שול־נעץ אין אַמעריקע ביי די ניי־געשאַפענע באַדינגונגען. מיר זיינען אָבער פול מיט האָפענונג, אַז עס וועלן געפונען ווערן די נעהעריקע ענטפערס אויף אַלע פראַגן, וואָס שטייען אויפן טאָג־אָרדענונג פון דעם צוזאַמענפאָר. מיר זיינען זיכער, אַז די גרופּע אידעאַליסטן, וואָס טוען שוין יאָרן־לאַנג די שול־אַרבעט, וועלן געפינען אין זיך גענוג ווילן און עקשנות ווייטער צו בויען די יידישע וועלטלעכע שול, ניט געקוקט אויף די שטערונגען און שוועריקייטן פון כל המינים.

לאָמיר געדענקען, אַז צום סוף פון דעם שול־יאָר וועלן מיר אין ניו־יאָרק האָבן פאַרענדיקט דרייסיק יאָר פון אינטענסיווער און אידעאַליסטישער שול־אַרבעט. אין סעפּטעמבער פון יאָר 1918 האָבן מיר געעפנט אונדזער ערשטע אַרבעטער־רינג שול און פון יענער צייט אָן האָבן אונדזערע אויסגעפּרובירטע טוער און לערער אומערמידלעך און עקשנותדיק געקעמפט פאַר די יידיש־סאָציאַליסטישע דערציאונגס־אידעאַלן און פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער יידישער קולטור. זאָל דאָס שטאַרקן אונדזער גייסט און אונדז צוגעבן מוט און גלויבן אין אונדזער ווייטערדיקער אַרבעט.

אין דעם גייסט באַגריסן מיר די דעלעגאַטן און געסט צו דעם יום־טוב פון דעם 15טן שול־צוזאַמענפאָר! מיר באַגריסן באַזונדער די לערער און טוער פון די פילאַדעלפיער שולן, וועלכע אַראַנזשירן אַזוי אָפט אונדזערע שול־צוזאַמענפאָרן ביי זיך אין שטאָט,—אַ כבוד, וואָס זיי האָבן מיט זייער איבערגעבנקייט און גאַסטפריינדלעכקייט כשר פאַרדינט!

ה. בערגער
פאַרוואַלטער פון פילאַדעלפיער „פאָרווערטס“

# דער „פאָרווערטס“ און די אַרבעטער־רינג שולן

איך באַטראַכט אייער איינלאַדונג זיך צו באַטייליקן מיט אַ באַגריסונג אין דער היי־יאָריקער אויסגאַבע פון „יאָרבוך“ פאַר אַ דאָפּלטן כבוד.

ערשטנס, צוליב דער העכסט־פריינדלעכער באַציאונג, וואָס עקזיסטירט צווישן די פילאַדעלפיער א. ר. שול־טוער און דעם פילאַדעלפיער „פאָרווערטס“, און צווייטנס, מחמת דעם וואָס דער 1948 נומער „קינדער־רינג“ ווערט געווידמעט דעם ארב.־רינג שול־צוזאַמענפאָר, וואָס וועט פאָרקומען ביי אונדז אין שטאָט.

איך מיין אז די טיפע פריינדשאַפט, וואָס עקזיסטירט צווישן אונדזערע צוויי אינסטיטוציעס, שטאַמט דערפון וואָס סיי די ארב.־רינג שולן און סיי דער „פאָרווערטס“ פירן פאַראַלעל אָן אַ גרויסע קולטור־ און דערציאונגס־אַרבעט צווישן יידישע אַרבעטער און צווישן יידישע פאָלקס מאַסן: די שולן—פאַרן יונגן דור, און דער „פאָרווערטס“— פאַר די ברייטסטע קרייזן דערוואַקסענע.

און הגם יעדע פון די צוויי אינסטיטוציעס פירט אָן איר וויכטיקע אַרבעט זעלבסט־שטענדיק, האָבן אָבער ביידע דיזעלבע אויפגאַבעס און דינען דעמזעלבן צוועק: קולטור און אַנטוויקלונג פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. הייבן דעם קולטורעלן מצב פון די יידישע מאַסן אין אַמעריקע און דערנענטערן זייערע אַמעריקאַנער קינדער צו אונדזער פאָלק און צו זיינע קולטור־ווערטן,—דאָס איז די געמיינשאַפטלעכע מיסיע פון „פאָר־ווערטס“ און פון די ארב.־רינג שולן.

דער שרייבער פון די שורות פּרעטענדירט דאָ ניט צו געבן אַ גענויע אָפּשאַצונג פון די דערגרייכונגען פון די ארב.־רינג שולן, אָבער איין זאַך קען ער מיט זיכערקייט זאָגן: יידישע קינדער וואָס מאַכן דורך די קורסן פון ארב.־רינג שולן זיינען אָן צווייפל אַנדערש ווי די דורכשניטלעכע יידיש־אַמעריקאַנער קינדער. איך האָב די איבערצייגונג, אַז קינדער וואָס האָבן דורכגעמאַכט די ארב.־רינג שול־קורסן, זיינען בעסערע יידן און ערנסטערע אַמעריקאַנער.

נעמט אָן מיין וואַרעמסטע באַגריסונג צו די טוער פון די ארב.־רינג שולן און די אַרויסגעבער פון „יאָרבוך“.

---

י. לעווין־שאַצקעס, נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר
פון „יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד“
און רעדאַקטאָר פון „וועקער“

# פאַר דער יידישער וועלטלעכער קולטור

די אַרבעט פאַר דער יידישער שול, פאַר דער יידישער דערציאונג, פאַר דער יידישער קולטור איז ביי אונדז אין אַמעריקע אַלעמאָל געווען זייער אַ שווערע און זייער אָן אומדאַנקבאַרע. די טוער פון דער דאָזיקער באַוועגונג האָבן אַלעמאָל גע־מוזט באַזיצן אי אַ שטאַרקן גלויבן אין דעם יש פון דעם מאָדערנעם וועלטלעכן יידישן

שאפן, אי א טיף איינגעוואָרצלטע צוגעבונדנקייט און ליבשאפט צו דעם יידישן מאסן־מענטשן מיט זיינע טאָג־טעגלעכע ליידן און פריידן.

אין דער געשיכטע פון ארבעטער־רינג אין אמעריקע וועט שטענדיק בלייבן, אלס איינער פון די הערלעכסטע, דאָס קאפיטל וואָס האָט צו טאָן מיט דער אָפּפערוויליקער ארבעט פאר דער יידישער שול, פאר דער יידישער שפּראך און פאר דער וועלטלעכער יידישער קולטור בכלל, אין וועלכער אזא באדייטנדיקע צאָל ארבעטער־רינג טוער האָבן אריינגעגעבן אזוי פיל ענערגיע און אזוי פיל אידעאליזם. דאָס דאָזיקע קאפיטל מוז זייער הויך אָפּגעשאצט ווערן נישט נאָר צוליב די גאַנץ באדייטנדיקע דערגרייכונגען, נאָר אויך און הויפּטזעכלעך צוליב דער שאפנדיקער כוונה, וואָס ליגט אין דער דאָזיקער ארבעט.

ווי גרינג, ווי באקוועם דאָ אין אמעריקע איז געווען אָפּצולייקענען די מעגלעכקייט און וויכטיקייט פון אזא טעטיקייט; ווי גרינג און באקוועם עס איז אויפצוגעבן, זיך מיאש זיין, ווערן אנטוישט און אפילו ציניש. יאָ, גרינג און באקוועם, אומאָפּהענגיק פון דעם, צי מען זאָגט דאָס אָפן און קלאָר אָדער מען באהאלט זיך אויס אונטער פארשידענע תירוצים—און מען טרעט אָפּ פאר דער אסימילאטאָרישער באקוועמלעכקייט אָדער פאר דעם העברייאישן סענטימענט אָדער פאר דער רעליגיעזער ראָמאנטיק. דער פועל־יוצא איז אין אלע פאלן איינער און דער זעלביקער — רעזיגנאציע פון רעאלן יידישן לעבן.

און אויב די ארבעט פאר דער וועלטלעכער יידישער קולטור איז שטענדיק געווען אזוי שווער,—איז זי איצט געוואָרן נאך פיל, פיל מאָל שווערער, איצט—נאָכן חורבן, וועלכער איז געווען אזוי אומגעהייער גרויס אין זיין פיזישן און גייסטיקן פארנעם.

פריער האָט דער פאראייניזאמטער יידישער פאָלקס־מענטש אין אמעריקע כאָטש געקענט מאָראליש זיך אָנשפארן אויף די מיליאָנען ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים, איצט קען ער נאָר זיך פארלאָזן אויף זיינע אייגענע כוחות דאָ. און די כוחות זיינען אזוינע שוואכע, און אזוי גרויס זיינען די כוחות, וואָס שפארן זיך אָן אויף מיסטישע וויזיעס.

פריער איז אויפגעגעבן געווען א נסיון, וועלכן מען האָט געדארפט ביישטיין—איצט איז אויפגעבן געוואָרן שיעור נישט א נאציאָנאלער פארדינסט . . .

און דאָס אלץ מיינט, אז קיינמאָל ווי איצטער האָט מען נישט אזוי געניטיקט זיך אין דער עקשנותדיקייט און שטאנדהאפטיקייט פון די טוער פאר דער וועלטלעכער יידישער קולטור, וואָס איז באזירט אויפן רעאלן לעבן פון די יידישע מאסן, אויפן גלויבן אין גערעכטיקייט און ברידערלעכקייט, אויפן סאָציאליסטישן אידעאל.

קומט דעריבער א באזונדער יישר־כוח צו די אלע, וועלכע בלייבן אויף די פּאָזיציעס, וועלכע דעזערטירן נישט, וועלכע זעצן פאָר דעם רעאלן קאמף פאר אונדזער המשך, פאר אונדזער קיום, וואָס איז מעגלעך נאָר אין א וועלט פון סאָציאלער גלייכהייט און אינטערנאציאָנאלער סאָלידאריטעט.

איך וועל פילן זיך באמת גליקלעך, ווען מיינע עטלעכע שורות וועלן דינען אלס א שטיקל דערמוטיקונג צו די טוער אויף דעם געביט פון דער יידישער שול, פון דער יידישער וועלטלעכער קולטור.

ה. סיגל, פּרעזידענט
מ. שאפּירא, סעקרעטאַר
פון פילאַ. א. ר. שטאָט־ און דיסטריקט־קאָמיטעט

# גלויבן, מוט און האָפענונג

ביי אונדז אין שטאָט זיינען שוין עטלעכע מאָל אָפּגעהאַלטן געוואָרן שול־צוזאַמענפאָרן און יעדעס מאָל איז דאָס געווען אַן אמתער יום־טוב פאַר אַלע מיט־גלידער און טוער פון דעם אַרבעטער־רינג אין אונדזער דיסטריקט. עס איז אַלעמאָל געווען אונדזער אַלעמענס שטרעבונג צו שאַפן פאַר די דעלעגאַטן אַ וואַרעמע אַט־מאָספערע, אַריינצוטראָגן פרייד און יום־טובדיקייט אין זייער וויכטיקער אַרבעט, כדי זיי זאָלן קענען שעפּן מוט און אינספּיראַציע פאַר דעם ווייטערדיקן בוי פון אונדזער שול־בנין, פאַר דער פאַרגרעסערונג און פאַרשטאַרקונג פון אונדזער שול־באַוועגונג איבערן לאַנד.

אויך הייאָר זיינען מיר גליקלעך צו האָבן די געלעגנהייט אויף אַ בכבודיקן אופן מקבל־פּנים צו זיין די דעלעגאַטן צום 15טן אַרבעטער־רינג שול־צוזאַמענפאָר און מיר ווילן זיך באַמיען צו שאַפן די געהעריקע שטימונג פאַר די פאַרהאַנדלונגען, וואָס שטייען אויפן סדר־היום פון דעם צוזאַמענפאָר. שטימונג, גלויבן, מוט און האָפענונג זיינען זייער וויכטיק, ווען מיר טרעטן צו צו באַטראַכטן די שווערע פּראָב־לעמען פון אונדזער קולטור־ און שול־אַרבעט אין דער טראַגישער צייט, וואָס אונדזער פאָלק לעבט איצט דורך.

דער אַלטער יידישער ישוב אין מזרח־אייראָפּע איז חרוב געוואָרן, און מיט אים זיינען אונטערגעגאַנגען יידישע קולטור־דערגרייכונגען פון יאָרן און דורות. די גע־בליבענע רעשטלעך פון דעם אַמאָל בליענדיקן ישוב לעבן מיט דער איינציקער האָפע־נונג, אַז טירן פון דער וועלט וועלן דאָך אַמאָל געעפנט ווערן און זיי וועלן קענען וואו עס איז קריגן אַ מקום מנוחה נאָך די אַלע ליידן און מאַטערנישן, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט. ביז גאָר טראַגיש איז אויך דאָס לעבן פון דעם ישוב אין ארץ־ישׂראל, וואו עס גייט אָן אַ בלוטיקער געראַנגל פאַר די היסטאָרישע האָפענונגען פון אונדזער פאָלק. ניט רואיק איז אויך דאָס לעבן פון יידישן מענטשן דאָ, אין אַמעריקע. עס מאַטערט כסדר דער געוויסן—צי קומען מיר נאָך אין אַ גענוגנדיקער מאָס אונ־דזערע פליכטן צו די ליידנדיקע און געפּלאָגטע ברידער אונדזערע אויף דער וועלט? צי גייען מיר אויף דעם ריכטיקן וועג פון ברענגען צו זיי הילף און דערמוטיקונג? צי טוען מיר די ריכטיקע אַרבעט, וואָס די צייט פאָדערט פון אונדז?

עס פייניקן כסדר די פראַגעס וועגן ווייטערדיקן יידישן קיום, וועגן דעם גורל פון דער יידישער קולטור, וועגן די צענדליקע פּראָבלעמען, וואָס די צייט און די אומ־שטענדן האָבן אַרויסגערוקט פאַר אונדזער יידיש־וועלטלעכער שול, וועגן די וועגן און מיטלען ווי אַזוי אָנצופילן מיט אינהאַלט דאָס אויסגעליידיקטע יידישע לעבן דאָ אין לאַנד . . . צוזאַמען מיט אייך, לערער און טוער, פילן מיר די גרויסע אחריות פון

דעם איצטיקן מאָמענט אין אונדזער געשיכטע. צוזאַמען מיט אייך ווילן מיר זוכן צו געפינען אַן ענטפער אויף די אַלע „פאַרשאָלטענע" פראַגעס.

און אין דער היינטיקער באַגריסונג אונדזערער צו דעם שול־צוזאַמענפאָר ווילן מיר אויסדריקן אונדזער טיפן גלויבן, אַז דער גייסט פון אידעאַליזם, איבערגעבנקייט און אָפּפערווויליקייט, וואָס האָט אין משך פון העכער אַ פערטל יאָרהונדערט באַהערשט אונדזערע געטרייע שול־ און קולטור־בויער, וועט אויך דאָס מאָל אונטערזאָגן דעם נעהעריקן צוגאַנג צו דער ניי־געשאַפענער לאַגע און וועט אונדז פירן אויף דעם ריכטיקן וועג צו נייע אויפטואונגען, צו העכערע דערגרייכונגען און צום ווייטערדיקן אויפבלי פון די קולטור־ און דערציאונגס־אינסטיטוציעס פון אונדזער מוטער־אָרגאַניזאַציע, דעם אַרבעטער־רינג.

---

סעמועל רודאָוו
נאַציאָנאַלער אַרב.־רינג דירעקטאָר פון פענסילוויי.ניע

# האָט הצלחה אין אייער אַרבעט

עס איז פאַר אונדז אַ גרויסער כבוד צו האָבן דעם 15טן אַרבעטער־רינג שול־צוזאַמענפאָר ביי אונדז אין שטאָט. די דעלעגאַטן ווילן האָבן אַ געלעגנהייט צו באַקאָנען זיך מיט דער פאַרצווייגטער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, וואָס מיר פירן דאָ אָן, און גלייכצייטיק מיטן פיינעם גייסט פון איבערגעבנקייט און פון אמתן אידעאַליזם, וואָס די מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג ווייזן אַרויס צו אַלע אינסטיטוציעס פון אונדזער אָרגאַניזאַציע.

אַ שול־צוזאַמענפאָר פון אַרבעטער־רינג שטעלט מיט זיך פאָר די קולטור־טריבונע פון אונדזער גרויסן אַרבעטער־אָרדן, וואָס זאָרגט כסדר וועגן דער קולטורעלער דערהייבונג פון די יידישע מאַסן און וועגן פאַרבעסערן און פאַרשענערן דאָס יידישע לעבן אין אַלע לענדער פון דער וועלט.

דער אַרבעטער־רינג איז אַ וויכטיקע טרייב־קראַפט אין דעם לעבן פון די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן. אונדזערע שטרעבונגען זיינען ענג פאַרבונדן מיט די אַלגעמיינע פּראָבלעמען פון דער וועלט, וואָס ראַנגלט זיך פאַר אַ בעסערן און ליכטיקערן מאָרגן. אין דעם געראַנגל פאַרנעמט אונדזער קולטור־אַרבעט גאָר אַ חשובן פּלאַץ. די פּראָבלעמען פון דער יידיש־וועלטלעכער דערציאונג, פון אויסשפּרייטן אונדזער שול־נעץ, פון ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער יידישער קולטור, ווילן זיך זיכער אָפּשפּיגלען אין די פאַרהאַנדלונגען פון דעם שול־צוזאַמענפאָר, און ווילן וועקן אינטערעס און ערנסטע באַציאונג אין די ברייטע קרייזן פון אונדזער מיטגלידערשאַפט.

איך וויל אויסנוצן די געלעגנהייט אויסצודריקן מיין טיפסטע אַנערקענונג צו אונדזערע טוער און לערער פאַר דער פיינער טראַדיציע פון אַרויסגעבן יעדן יאָר דעם זשורנאַל „קינדער־רינג" מיט אַ רייכן מאַטעריאַל פון אָפּהאַנדלונגען וועגן אַלע צווייגן פון אונדזער אַרבעטער־באַוועגונג.

דעלעגאַטן צום שול־צוזאַמענפאָר! זייט געגריסט און האָט הצלחה אין אייער אַרבעט!

**זעליג עטינגער**
פאָרזיצער פון דער צענטראַלער שול־פּאַרוואַלטונג

# מיין באַגריסונג צום 15טן שול־צוזאַמענפאָר

מיר קומען זיך צוזאַמען אין אַ זייער ערנסטער צייט פאַר אונדזער שול־וועזן. העכסט־וויכטיקע פּראָבלעמען וועט די איצטיקע קאָנפערענץ דאַרפן לייזן. אפשר וועלן נייע פּראָגראַמען דאַרפן אָנגענומען ווערן.

שוין באַלד דריי צענדליק יאָר אַז אונדזער שול לעבט. מיר האָבן דורך די יאָרן געליטן אַ סך יסורים און האַרצווייטיק. מיר האָבן אָבער אויך געהאַט אַ סך נחת. די שולן זיינען געוואַקסן; מיר האָבן געוואוסט וואָס מיר ווילן און וואוהין מיר גייען; מיר האָבן געזאָגט בקול־רם, אַז מיר בויען אַ יידיש־סאָציאַליסטישע שול, צו דער־ציען די קינדער פון די יידישע פאָלקס־מענטשן דאָ אין לאַנד אין אַ יידיש־פּראָגרעסיוון גייסט. מיר זיינען אַלע געווען זיכער, אַז מיר גייען אויפן ריכטיקן וועג, ווייל דער וועג האָט געפירט פון דערפאָלג צו דערפאָלג.

איז געקומען די שרעקלעכע וועלט־מלחמה און דער גרויסער יידישער חורבן, וואָס האָט צעטרייסלט אונדזער־ע געמיטער. עס איז אויך געקומען אַ צייט, ווען צוליב די קינדער, וואָס קומען פון היימען וואו מען רעדט ניט קיין יידיש, האָבן זיך גע־פאָדערט נייע פּעדאַגאָגישע מעטאָדן. האָבן מיר אָבער גענומען זוכן אויך נייע וועגן, ניין צו די „אַלטע קוואַלן״.

מיר דוכט זיך אַז זינט די זוכענישן בלאָנדזשען מיר; די „איינשפּריצונגען״ פון „אַלטן־קוואַל״ האָבן ניט געווירקט, און מיר זיינען ניט שטאַרקער נאָר שוואַכער גע־וואָרן, און דערצו נאָך זיינען אונדזערע מיינונגען צעטיילט געוואָרן. נאָך 30 יאָר שול־אַרבעט און נאָך 14 שול־צוזאַמענפאָרן שטייען מיר זיך דעריבער איצט אָן אויף נאָר ערנסטע פּראָבלעמען, וואָס, לויט מיין מיינונג, האָבן די נייע זוכענישן געשאַפן.

מיין הייסער וואונטש איז, אַז איר, חשובע לערער און שול־טוער, דעלעגאַטן צום 15טן שול־צוזאַמענפאָר, זאָלט לייזן אַלע פּראָבלעמען און געפינען דעם ריכטיקן וועג, דעם וועג צו זיך, דעם וועג, וואָס האָט אונדז געפירט צו כבוד און גדולה און אונדזער שול געמאַכט גרויס און שיין.

זייט געגריסט! זאָל אייער אַרבעט זיין געבענטשט!

מיין האַרציקע באַגריסונג אויך צו דער 28טער אויסגאַבע פון אונדזער „יאָרבוך״ (קינדער־רינג). מיר זיינען שטאָלץ, וואָס מיר זיינען די, וואָס האָבן געוואַגט צו באַשאַפן אַזאַ וויכטיקע שול־טריבונע, וואו עס שפּיגלט זיך אָפּ דאָס לעבן סיי פון אונדזער שול און סיי פון אונדזער אַלגעמיינעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

איך האָף, אַז די הייַיאָריקע אויסגאַבע וועט זיין אַזוי שיין, רייך און אינטע־רעסאַנט, ווי אַלע ביז־איצטיקע ביכער, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער פילאַדעלפיער שול־צענטראַלע.

זייט באַגריסט!

ד. בראגינסקי און ה. סיגל, סעקרעטאַרן
פון די פילאַדעלפיער ברענטשעס פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד

# געטריי צו די סאָציאַליסטישע אידעאַלן

די יידישע סאָציאַליסטן פילן זיך ווי גאָר נאָענטע מחותנים ביי א שמחה פון די אַרבעטער־רינג שולן.

שוין העכער 50 יאָר ווי די יידישע סאָציאַליסטן אין דער צארישער רוסלאַנד האָבן געשאַפן א בונד מיט דער יידישער שפּראַך. און פון דעם דאָזיקן בונד האָבן ביידע צדדים געוואונען. די יידישע שפּראַך האָט געהאָלפן די יידישע סאָציאַליסטן צוצוקומען צו די יידישע אַרבעטער און די ברייטע שיכטן פון דעם יידישן פאָלק און צו ברענגען צו זיי די אידייען און שטרעבונגען פון סאָציאַליזם, פון קאַמף פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט.

די יידישע סאָציאַליסטן פון זייער זייט האָבן געהאָלפן אויפצוהויבן דאָס יידיש־לשון פון א „זשארגאָן", אויף וועלכן די „דינסט־מוידן" רעדן, צו דער שפּראַך פון די יידישע אַרבעטער און דער יידישער אינטעליגענץ,—צו א שפּראַך אויף וועלכער עס זיינען געשאַפן גרויסע קולטור־וועלטן.

אויך דאָ אין אַמעריקע זיינען דאָס געוועזן די יידישע סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן באַוויזן, אַז יידיש איז א שפּראַך, אויף וועלכער מען קען פּריידיקן סאָציאַליזם פאַר ברייטע פאָלקס־מאַסן; זיי האָבן אויך דאָ אין לאַנד געהאָלפן אַנטוויקלען די יידישע שפּראַך צו א הויכער מדרגה.

כדי די יידישע שפּראַך זאָל האָבן א קיום און זאָל ניט אונטערגיין מיטן אַלטן יידישן דור, נאָר זאָל זיך ווייטער אַנטוויקלען, איז נייטיק איבערצוגעבן זי די יידישע קינדער, איז נייטיק איינצופלאַנצן אין זיי א ליבע צום יידישן לשון, צו דער יידישער געשיכטע, און א גרייטקייט צו קעמפן פאַר ברידערלעכן צוזאַמענלעבן פון פעלקער. כדי דאָס צו דערגרייכן האָבן די יידישע סאָציאַליסטן אין אייראָפּא געבויט יידישע שולן פאַר קינדער.

אויך דאָ אין אַמעריקע זיינען די יידישע סאָציאַליסטן געשטאַנען ביי דעם וויגעלע פון די אַרבעטער־רינג שולן און האָבן צוגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דער־פּראָגראַם—צו לערנען די קינדער ניט נאָר די יידישע שפּראַך, יידישע געשיכטע, נאָר אויך צו באַקענען די קינדער מיט די יידישע קעמפער פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט פון די אַלטע צייטן ביז היינט־צו־טאָג; צו באַווירקן זיי מיט דעם קאַמף פאַר פרייהייט און סאָציאַליזם, וואָס די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט פירן אָן, און צו אַנטוויקלען ביי די קינדער דעם גייסט פון פרייהייט און גערעכטיקייט.

מיר באַגריסן די אַרבעטער־רינג קינדער־שולן צו זייער צוזאַמענפאָר און ווינטשן זיי דערפאָלג אין דער אַרבעט. מיר זיינען זיכער, אַז די אַרב.־רינג שול וועט בלייבן

געטריי די פּרינציפּן, אויף וועלכע זי איז געבויט געוואָרן און וועט זיך ניט פאַרנעמען אויף פאַלשע דרכים.

מיר ווייסן ווי שווער עס איז צו בלייבן אויף דידאַזיקע אַלטע פּאָזיציעס איצט, נאָך דעם חורבן, וואָס די יידן האָבן איבערגעלעבט. מיר ווייסן אז נאָך קאַטאַס־טראָפעס, ווען מענטשן פאַרלירן אויף דער ערד, הייבן זיי זייערע אויגן צום הימל און זוכן דאָרט אַ רעטונג. אזוי איז דאָס געווען אין די אַלטע צייטן, אזוי איז דאָס אויך אין אונדזערע מאָדערנע צייטן.

אָבער דערציער פון דעם יונגן דור, וועלכער וועט דאַרפן ווייטער ציען דעם גאָלדענעם פאָדעם פון דער יידישער געשיכטע, טאָרן ניט פאַרלירן זייער גלייכגעוויכט; זיי מוזן הויך האַלטן די פאָן פון די פרייהייטלעכע אידעאַלן, מיט דער האָפנונג און גלייבן, אַז אויך אויף אונדזער גאַס וועט קומען אַ יום־טוב. און ער וועט קומען! ער וועט קומען דאַן ווען אויף דער גאַנצער וועלט וועט זיגן דער אידעאַל פון ליבע, אמת און ברידערלעכקייט, דער אידעאַל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

---

א. מלמד, פּרעזידענט
פון לייבאָר עדיוקיישאָנאַל צענטער

# אַ מוטערלעכער געפיל צו די שולן

די פאַרוואַלטונג פון לייבאָר עדיוקיישאָנעל צענטער פילט זיך זייער דערהויבן צו באַגריסן די שולן פון אַרבעטער־רינג צו דעם 15טן שול־צוזאַמענפאָר.

די שולן זיינען די יינגסטע אָפּטיילונג אין אונדזער באַוועגונג און מיר צערטלען זיי ווי אַ מוזינקע. ס'איז טאַקע פאַראַן, וואָלט איך געזאָגט, ביי אונדז אַן אמת מו־טערלעכער געפיל צו אונדזערע שולן. מיר געדענקען נאָך די צייטן, ווען די אַרב.־רינג מיטל־שול איז געווען אין אונדזער אַלטן לייבאָר אינסטיטוט. און אַפילו איצט, אין אונדזער איצטיקן צענטער, פילט זיך גאָר אַנדערש, ווען מיר באַגעגענען די שול־קינדער ביי פאַרשידענע מיטינגען אָדער אונטערנעמונגען. די הויז ווערט אָנגעפילט מיט פרייד און געלעכטער פון דער יוגנט, פון אונדזער יוגנט, וואָס ווערט דערצויגן אין אונדזער גייסט און וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אונדזערע אידעאַלן.

ס'איז אוודאי נאַטירלעך, אַז ווען אַ שול־צוזאַמענפאָר ווערט אָפּגעהאַלטן אין אונדזער שטאָט, זאָל ער פאָרקומען אין אונדזער הויז. מיר פרייען זיך דערמיט וואָס די שול־דעלעגאַטן פון גאַנצן לאַנד און פון קאַנאַדע וועלן די מערסטע צייט פון זייער ווייל אין שטאָט זיך געפינען אין אונדזער היים. מיר, פון אונדזער זייט, וועלן טאָן אַלץ, וואָס ס'איז נאָר מעגלעך, צו מאַכן דעם צענטער באַקוועם און אָנגענעם פאַר די דעלעגאַטן און געסט פונעם 15טן שול־צוזאַמענפאָר.

מיר באַגריסן האַרציק אַלע דעלעגאַטן און געסט און האָפן, אַז דער צוזאַמענפאָר וועט זיין דערפאָלגרייך און פיל העלפן די אַרב.־רינג שולן אין זייערע צוקונפטיקע טעטיקייטן.

ד. בראגינסקי, סעקרעטאַר
פון די פּאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן

# אייער יום־טוב איז אויך אונדזער יום־טוב

עס איז סימבאָליש, וואָס דער צוזאַמענפאַר פון די אַרבעטער־רינג שולן ווערט דערעפנט אין דעם טאָג פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער יום־טוב, דעם ערשטן מאַי. דאָס איז אַ סימבאָל פון דער נאָענטסטער שיכות, וואָס די אַרבעטער־רינג שולן האָבן מיט דער אַרבעטער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דאָס באַווייזט סימבאָליש, אַז די פּרינציפּן, וועלכע די בויער און גרינדער פון די אַרבעטער־רינג שולן, האָבן אָנגענומען ביי דער גרינדונג פון די שולן, זיינען אויך גילטיק היינט־צו־טאָג. דידאָזיקע פּרינציפּן זיינען: איינפלאַנצן אין יידישע קינדער אַ ליבע צו דער יידישער שפּראַך, צו יידישער קולטור און צו דעם יידישן לעבן, כדי דער יונגער דור זאָל זיין דער שנור, וועלכער פאַראייניקט דעם נעכטן פון דעם יידישן פאָלק מיט דעם מאָרגן; אין דער־זעלבער צייט דערציען דעם יונגן יידישן דור אין גייסט פון סאָציאַלן יושר און גערעכטיקייט, מיט אַ באַוואוסטזיין אַז דער גורל פון דעם יידישן פאָלק איז מיט טויזנטער פעדעם צוזאַמענגעבונדן מיט דעם גורל פון דער גאַנצער מענטשהייט און אַז דאָס יידישע פאָלק וועט קענען לעבן אַ פריי נאַציאָנאַל לעבן נאָר אין אַ וועלט פון פרייע פעלקער.

דער דערפאָלג פון די אַרבעטער־רינג שולן אין דער יידישער דערציאונגס־אַרבעט האָט געוואונען פאַר זיי די אָנערקענונג פון דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, וואו זיי פאַרנעמען איצט זייער אַ חשובן פּלאַץ.

זייט־זשע באַגריסט צו אייער יום־טוב! אייער יום־טוב איז אויך אונדזער יום־טוב. מיר ווינטשן אייך דערפאָלג אין אייער אַרבעט.



# די אַרבעטער-רינג שולן אין פילאַדעלפיע

וו. בלושטיין
סעקרעטאַר פון דער צענטראַלער שול־פאַרוואַלטונג

## באַריכט פאַרן שול־זמן 1947 ־ 1948

באַגריסנדיק דעם 15טן ארב.־רינג שול־צוזאַמענפאָר, די דעלעגאַטן און געסט, און געבנדיק זיי א וואַרעמען ברוך־הבא צו זייער פאַרזאַמלען זיך אין פילאַדעלפיע, וויל איך דאָ אין מיין קורצן איבערבליק וועגן די פילאַדעלפיער ארב.־רינג שולן זיי באַקאַנען מיט דער פילזייטיקער טעטיקייט אין און אַרום די שולן, וואָס זיינען א רינגעלע אין דער קייט פון אונדזער אלגעמיינעם שול־וועזן איבערן לאַנד.

חודש מאַי 1947 איז געווען א היסטאָרישע דאַטע אין דעם פּראָגרעסיוון יידישן פאָלקס־לעבן בכלל, און אין לעבן פון דעם ארבעטער־רינג בפרט. אין יענעם חודש איז געפייערט געוואָרן דער 50־יאָריקער יובל פון „פאָרווערטס". אין פילאַדעלפיע איז די גראַנדיעזע פייערונג פאָרגעקומען דעם 20טן מאַי. אָפּשאַצנדיק דעם בייטראָג פון „פאָרווערטס" פאַר דער שול־באַוועגונג האָבן די שולן אויפגענומען דעם „פאָר־ווערטס"־יום־טוב מיט באַגייסטערונג און זיך באַטייליקט אקטיוו אין דעם יובילייר־קאָמיטעט צוזאַמען מיט דער גאַנצער ארב.־רינג באַוועגונג.

דער „יאָרבוך" (קינדער־רינג) איז געווידמעט געוואָרן דעם יובילייר פון „פאָר־ווערטס". עס פרייט אונדז וואָס די שולן האָבן פיל בייגעטראָגן צו דעם דערפאָלג פון דעם יובל. דאָס איז באַזונדער אָפּגעשאַצט געוואָרן פון הערי בערגער, פאַרוואַלטער פון „פאָרווערטס", וועלכער האָט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אויסגעדריקט זיין אַנערקענונג פאַר דעם בייטראָג פון די שולן צו דעם „פאָרווערטס" יום־טוב.

### אדמיניסטראַטיווע ענדערונגען

ביז 1947 פלעגט דער פאַרוואַלטונגס־טערמין פון אַלע ארב.־רינג אינסטיטוציעס און אויך פון די שולן פאַרענדיקט ווערן אין חודש מאַי, ביי דער קאָנפערענץ פון פילאַדעלפיער אַרב.־רינג שטאָט און דיסטריקט קאָמיטעט. צוליב דעם באַשלוס אַז די קאָנפערענצן זאָלן אָפּגעהאַלטן ווערן אין אָקטאָבער, איז דער טערמין פון דער צענ־טראַלער שול־פאַרוואַלטונג פאַרלענגערט געוואָרן אויף 4 מאָנאַטן, און די פאַרוואַלטונג האָט געדאַרפט פאַרענדיקן דעם שול־זמן פון 1946-1947 און צוגרייטן דעם נייעם שול־זמן.

### שלוס פון שול־זמן און די פלענער פאַרן קומענדיקן יאָר

פון שול 1 און שול 6 האָבן מיר לעצטן יאָר ניט געהאַט קיין נחת. שול 6, וועלכע האָט זיך אויפגעהאַלטן צוזאַמען מיטן א. ר. ברענטש 138 אין אַן אייגענעם צענטער, האָט געמוזט פאַרקויפן דאָס הויז, ווייל די געגנט האָט זיך געענדערט, און איז ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר א יידישער שול. דאָרט האָט זיך אויך געפונען די ארב.־רינג מיטל־שול, וועלכע האָט ניט געהאַט די נייטיקע באַקוועמלעכקייטן.

שול 1, וועלכע האָט זיך געפונען אין אַן אָפּגעלאָזטן שול־לאָקאַל, האָט ניט געקענט צוציען קיין גרעסערע צאָל קינדער. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ צושטאַנד, וואָס האָט ניט דערלויבט, אַז די שולן 1 און 6 זאָלן דערעפנט ווערן קומענדיקן זמן. די צענטראַלע שול־פאַרוואַלטונג, צוזאַמען מיט די פאַרוואַלטונגען פון שול 1 און 6 און מיטן א. ר. ברענטש 138, האָט אויפגענומען די פּראָבלעם. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַראייניקן די צוויי שולן אין איין צענטער. פאַר דעם צוועק האָבן זיך די פאַרוואַלטונגען אונטערגענומען צו שאַפן אַ פאָנד פון זעקס טויזנט דאָלער, די צענטראַלע שול־פאַרוואַלטונג זאָל שאַפן פאַר דעם פאָנד דריי טויזנט דאָלער, און עס זאָל געקויפט ווערן אַ פּאַסיקע געביידע.

צוליב דעם וואָס לערער רוטענבערג, וועלכער איז געווען אָנגעשטעלט אין ביידע שולן, האָט רעזיגנירט פון זיין שטעלע דעם 15טן אַפּריל, און כדי ניט צו פאַרמאַכן די שולן אין מיטן זמן, זיינען אָנגעשטעלט געוואָרן סילוויע בריל פאַר שול 1, און שוירלי וואַסערמאַן פאַר שול 6, און זיי האָבן פאַרענדיקט דעם זמן אין די שולן.

## אַקטיוויטעטן און יום־טובים אין לאָקאַלע שולן

צוליב דער באַגרעניצטקייט אין פּלאַץ איז ניט מעגלעך אין דעם באַריכט אָפּצושטעלן זיך אין איינצלהייטן אויף דער לעבעדיקער טעטיקייט אין יעדער לאָקאַלער שול, וואו עס ווערן דורכגעפירט פאַרשידענע יום־טובים, לעקציעס, קאָנצערטן און אַנדערע אונטערנעמונגען. יעדע לאָקאַלע שול־פאַרוואַלטונג האָט איר באַזונדערן אויסזען און חן. די פאַרוואַלטונגען פירן דורך זייער טעטיקייט פאַרשידנאַרטיק, לויט דעם צוזאַמענשטעל פון די פאַרוואַלטער און צוגעפּאַסט צו דער געגנט און דער סביבה. אָבער צוזאַמען שטעלן זיי מיט זיך פאָר אַ גרויסאַרטיקע גרופּע אַקטיווע שול און קולטור־טוער; באַזונדערס זיינען אינטערעסאַנט אין די שולן די שלום־קאָנצערטן.

אין יעדער שול ווערט דורכגעפירט סוף זמן אַ שלום־קאָנצערט. אין די ימים־טובים באַטייליקן זיך אַלעמאָל די פאַרוואַלטער און עלטערן, פאַר וועמען די קינדער פירן דורך דעם קאָנצערט. אין אונדזערע שול־געביידעס איז ניטאָ גענוג פּלאַץ פאַר אַ פייערונג פון אַ גרעסערן פאַרנעם. האָבן אייניקע שולן לעצטן יאָר אַראַנזשירט זייערע שלום־קאָנצערטן אויף אַ גרעסערן מאַסשטאַב און אין שענערע און מער צוגעפּאַסטע געביידעס: שול 2 האָט דאָס אַראַנזשירט אין „פּאַבליק סקול"; שול 12—אין פּאַבליק לייברערי; שול 10, קעמדען—אין קעמדענער „היי־סקול". אַ דאַנק דעם האָבן די קאָנצערטן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם, אַרויסגערופן אַ סך באַגייסטערונג און ס'איז געווען די מעגלעכקייט צו מאַכן אונדזער שול־געדאַנק מער פּאָפּולער אין די פאַרשידענע געגנטן. מיר האָפן, אַז דעםביישפּיל וועלן נאָכפאָלגן אויך אַנדערע שולן.

## דער שול־טאָג אין קעמפּ „האָפנונג"

איינער פון די שענסטע יום־טובים פון די אַרב.־רינג שולן איז דער אַרויספאָר זומער אין קעמפּ „האָפנונג", וואו ס'קומען זיך צוזאַמען די לערערס, טיטשערס, עלטערן און די גאַנצע אַרב.־רינג משפחה. די שול־קינדער ווערן אַרויסגעפירט אין קעמפּ אַלס געסט פון דער צענטראַלער שול־פאַרוואַלטונג. ס'ווערט דורכגעפירט אַ שיינע און רייכע פאַרווײַלונגס־פּראָגראַם און אַ קאָנצערט. דער טאָג איז דער דערפאָלגרייכסטער פון קעמפּ־סעזאָן. לעצטן יאָר איז דער שול־יום־טוב אין קעמפּ דורכגעפירט געוואָרן שבת און זונטיק, דעם 2טן און 3טן אויגוסט.

שבת אָוונט, דעם 2טן אויגוסט, איז אין דער קאַסינאָ דורכגעפירט געוואָרן די פאָלגנדיקע פּראָגראַם, געווידמעט דעם אָנדענק פון י. ל. פּרץ: 1) אַן אָפּשאַצונג וועגן „פּרצס לעבן און שאַפן", פון שוירלי וואַסערמאַן; 2) „צווייי ברידער" פון פּרצן, אינסצענירט פון לאה וועוויצעס; 3) פּרצס לידער, געזונגען פון קעמפּ־כאָר און אָנגעפירט פון א. אַנטשאַראָוו. צום שלוס איז אין קאַפעטעריע דורכגעפירט געוואָרן אַ פּאַרוויילונגס־פּראָגראַם און אַ דיסקוסיע איבער שול־פּראָבלעמען מיט דעם פאַרטרעטער פון בילדונגס־קאָמיטעט, פריינד קליבאַרד אַלס גאַסט־רעדנער.

זונטיק, דעם 3טן אויגוסט זיינען אויף ספּעציעלע באַסעס אָנגעקומען די שול־קינדער, וועמען די קינדער פון קעמפּ האָבן געגעבן אַ פיינעם קבלת־פּנים אין עס־זאַל. נאָך דעם האָבן אַלע שול־קינדער און די קעמפּערס דורכגעפירט אַ מאַרש צו דער קינדער־פּלאַזאַ אונטער דער פירערשאַפט פון די לערער און קעמפּ־באַאַמטע. אויף דער פּלאַזאַ איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פיינע פּראָגראַם, און די שול־תּלמידים זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט געזאַנג און האַרציקע באַגריסונגען.

בייטאָג איז אין דער קאַסינאָ דורכגעפירט געוואָרן אַ קאָנצערט מיט פאָלגנדיקער פּראָגראַם: א) געזאַנג פון כאָר, אָנגעפירט פון אַנטשאַראָוו; ב) אַ קינדער אָפּערעטע, „אַליין אין וואַלד" מיט טענץ אין קאָסטיומען אונטער דער רעזשי פון לערערין לאה וועוויצעס און טאַנץ־לערערין פרענציס ווייטמאַן. דער פּאָרזיצער פון דעם קאָנצערט איז געווען דער באַריכט־אָפּגעבער. מיט דער פּראָגראַם האָט אָנגעפירט פ. סיימאָן, דירעקטאָר. באַגריסונגען פון דיסטריקט קאָמיטעט זיינען געהאַלטן געוואָרן פון ה. סיגעל און מ. שאַפּירא. דער גאַסט־רעדנער פון דעם בילדונגס־קאָמיטעט—פריינד קליבאַרד.

דער טאָג איז אויך אויסגענוצט געוואָרן פאַר מיטינגען און באַראַטונגען מיט די שול־פאַרוואַלטונגען.

## פּראָבלעמען פאַרן קומענדיקן זמן

יעדעס יאָר ווערט צום שלוס פון זמן דערווייַלט אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, וואָס שליסט די אַרבעט פון פאַרגאַנגענעם יאָר און גרייט־צו דעם זמן פאַרן קומענדיקן יאָר. קיינמאָל איז אַ קאָמיטעט ניט אויסגעקומען צו באַגעגענען אַ נייעם שול־זמן מיט אַזוי פיל ערנסטע פּראָבלעמען און שוועריקייטן.

## די פראַגע פון אַ פאַרוואַלטער און דירעקטאָר

אָט די פראַגע איז ביי אונדז געווען איינע פון די וויכטיקסטע און שווערסטע. לעצטן יאָר האָבן מיר געמאַכט דעם־ערשטן עקספּערימענט. אַנאַליזירנדיק צום שלוס יאָר די דערגרייכונגען, זיינען מיר געקומען צום געדאַנק, אַז דער עקספּערימענט האָט געבראַכט נוצן און ס'איז ווערט ווייטער אָנצוגיין מיט דעם עקספּערימענט, אויב מיר קענען די פונקציעס פון דעם פאַרוואַלטער אויסברייטערן. כדי דאָס צו דערגרייכן, מוז דער פאַרוואַלטער ווידמען זיין פולע צייט און זיין מאַקסימום אויפמערקזאַמקייט און ענערגיע פאַר די שולן.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו פאַרהאַנדלען מיט לערער פ. סיימאָן צי ער קען זיך אונטערנעמען אָנצופירן מיט דעם אַמט (וועלכן ער האָט געהאַלטן לעצטן יאָר). איבער זיין קראַנקהייט און שוואַכן פיזישן צושטאַנד, האָט ער אַזוי גיך ניט איינגעוויליקט. דערצו זיינען צוגעקומען די נייע פאַרלאַנגען, וואָס מיר האָבן אים געשטעלט, אַז

ער דאַרף דאָס יאָר ווידמען זיין פולע צייט פון 52 וואָכן פאַר דער שול־אַרבעט. דאָס האָט געפאָדערט ביי אים אַ ביסל צייט, צו באַטראַכטן זיך און באַשליסן. נאָך פיל באַראַטונגען האָט ער אָנגענומען דעם אמט.

דער ספּעציעלער קאָמיטעט, וועלכער האָט באַדאַרפט צוגרייטן די אַרבעט פון דערעפענען די שולן פון קומענדיקן זמן, האָט אין משך פון די זומער־מאָנאַטן אָפּ־געהאַלטן אַ צאָל מיטינגען צו באַגעגענען די אַלע פּראָבלעמען. לויט די רעגולאַציעס פון דעם „עלאַיד דזשואיש אַפּיל" דאַרפן מיר צושטעלן אַ בודזשעט. אזא בודזשעט איז אויסגעאַרבעט געוואָרן און צוגעשיקט געוואָרן צום „עלאַיד דזשואיש אַפּיל". מיר האָבן אין דעם בודזשעט אַריינגעשטעלט אַ העכערונג אין געהאַלט צו די לערער, רעכענענדיק זיך מיט דעם שטייגנדיקן יקרות. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם בודזשעט האָט אַ קאָמיטעט פון פריינד בראַגינסקי, פּאַרזיצער, און פריינד ראָזענבערג, אונדזער „אַקאַונטענט", געמוזט דערשיינען פאַר דער „אַלאָקיישאָן קאָמיטע" פון „עלאַיד דזשואיש אַפּיל", צו ענטפערן אויף פראַגן און באַרעכטיקן אונדזער פאַרלאַנג צו באַוויליקן דעם בודזשעט. הגם די „אַלאָקיישאָן קאָמיטע" האָט אונדז ניט באַוויליקט די פולע סומע, האָבן מיר דאָך באַקומען אַ העכערונג.

די שווערסטע פּראָבלעם איז געווען די שולן 1 און 6 מיט דעם ברענטש 138. זיי האָבן נאָך ניט געהאַט קיין געביידע. ס'האָט זיך געפאָדערט צו רופן אַ צאָל מיטינגען פון די גרופּעס, כדי זיי צו דערמוטיקן צו שאַפן דעם נייטיקן פאָנד. אָבער נאָך שווערער איז געווען דאָס געפינען אַ פּאַסיקע הויז. אַ סך הייזער זיינען אָנגע־קוקט געוואָרן; אויף אייניקע האָט מען אפילו האַנטגעלט געגעבן, אָבער ס'האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרניט. ביז ענדלעך איז געלונגען צו קויפן דאָס הויז אין 1506 נ. 7טע סטריט. אַ פּאַראייניקטער הויז־קאָמיטעט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון אַרב.־רינג שול 1, שול 6, ברענטש 138, און פון דער צענטראַלער שול־פאַרוואַלטונג. דאָס הויז אונטער נאָמען „אַפּטאָון דערציאונגס־צענטער, אַרבעטער־רינג שול 1" איז איצט אויך די היים פון ברענטש 138 און פון דער מיטל־שול.

די צווייטע אויפגאַבע איז געווען צו עפענען דעם זמן שול 11, אין וועסט פילאַ־דעלפיע. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אייניקע מיטינגען מיט די פאַרוואַלטער פון שול, קאָמיטעטן זיינען באַשטימט געוואָרן צו געפינען אַ פּאַסיקע הויז צו קויפן. אַ צאָל הייזער איז אָנגעקוקט געוואָרן. מ'איז שוין געווען גרייט צו געבן האַנטגעלט. צום באַדויערן, האָט געפעלט אין יענעם ווינקל די נייטיקע באַגייסטערונג, מיט וועלכער עס ווערן געבויט אונדזערע אינסטיטוציעס. האָבן מיר, פאַרלויפיק, דעם געדאַנק פון בויען דאָרט אַ שול, אויפגעגעבן. אָבער מיר זיינען זיכער, אַז צום קומענדיקן יאָר וועלן מיר דערגרייכן אונדזער ציל, און האָבן אַ שול און קולטור־צענטער אין יענער געגנט.

די פראַגע פון עפענען נייע שולן און אויסברייטערן אונדזער שול־באַוועגונג האָט אונדז באַשעפטיקט זייער אַ סך. די הויפּט־פראַגע איז געווען צו שאַפן די מעגלעכקייטן און מיטלען דאָס דורכצופירן. אין די לעצטע יאָרן זיינען אין אייניקע טיילן פון שטאָט אויסגעוואַקסן גרויסע צענטערס מיט אַ נייער קאָמפּאַקטער יידישער באַפעלקערונג. עס קומט פון דאָרטן פאַרלאַנגען צו עפענען יידישע שולן. קאָמי־טעטן, וועלכע האָבן אונטערזוכט די געגנטן האָבן באַריכטעט, אַז די געגנטן זיינען

זייער גינסטיק פאר ארבעטער־רינג שולן, אבער ס'איז אוממעגלעך דארטן צו דינ־גען א פלאץ, סיידן קויפן א הויז. דאס אליין האט געבראכט צום געדאנק, אז אויב מיר ווילן אונדזער שול־באוועגונג אויסשפרייטן, מוזן געקויפט ווערן הייזער. איז באשלאסן געווארן אנצופאנגען באלד נאך די זומער־מאנאטן א בוי־פאנד קאמפאניע אויף 10 טויזנט דאלער. דער פלאן איז אינדארסירט געווארן פון פילאדעלפיער ארב.־רינג שטאט און דיסטריקט קאמיטעט.

מיר האבן אויך געהאט שוועריקייטן צו קריגן א פאסיקן לערער, וואס האט אונדז געפעלט. דאס איז אויך ניט געווען פון די לייכטע זאכן. עטלעכע מאנאטן האבן מיר פארהאנדלט מיט פארשידענע קאנדידאטן און ס'איז גארניט ארויסגעקומען. אזוי איז געווען כמעט ביז ערב ליכט־בענטשן. א טאג פאר דער דערעפענונג פון די שולן איז אונדז געלונגען צו קריגן זייער א פאסיקן קאנדידאט, א יונגן מענטשן מיט א הויכער בילדונג, וואס איז אויך א דערפארענער לערער, י. לעוויטש. ער האט אויף אונדז געמאכט א גוטן איינדרוק, און ער איז אנגעשטעלט געווארן פארן קומענדיקן זמן.

צוליב די נייע אראנזשירונגען אין לערער־פערסאנאל, איז נייטיק געווען צו פארוואנדלען שול 3 אין א גאנצער שול. די פארוואלטונג פון דער שול האט ניט איין מאל אויסגעדריקט אזא פארלאנג, אבער ס'איז ניט געווען די מעגלעכקייט. די פאר־וואלטונג פון שול 3 האט דעריבער אויפגענומען דעם באשלוס מיט צופרידנקייט.

דער לערער־פערסאנאל איז איינגעשטעלט געווארן אויף פאלגנדיקן אופן: שול 1 און שול 2—לערער לעוויטש; שול 3—לערער ש. קלייט; שול 4 און שול 7—לאה וועוויצעס; שול 10—לערער ח. בארקאן; שול 12—לערער וואלדמאן. אין מיטל־שול—לערער פ. סיימאן, דירעקטאר; און די לערערס י. וואלדמאן און ח. בארקאן. אלס געזאנג־לערער איז אנגעשטעלט געווארן מ. העלזנער. אלס לערערס פון האנט־ארבעט זיינען אנגעשטעלט געווארן איציק קאלקער און מרים צייטלין. אלס טאנץ־לערערס זיינען אנגעשטעלט געווארן איווע גרינבלאט און גלאריע ספעקטאר.

די שולן זיינען דערעפנט געווארן דעם 7טן סעפטעמבער. אין משך פון דער צייט איז אנגעפירט געווארן א סך „פובליסיטי", אנאנסן אין „פארווערטס" און אין „עקספאנענט": ס'זיינען פארשפרייט געווארן טויזנטער צירקולארן; ס'איז געגעבן געווארן פובליסיטי דורך דער ראדיא; מ'האט אין אלע שולן אנגעפירט א ברייטע קענוועס־אקציע. צום באדויערן, זיינען ניט דערגרייכט געווארן די רעזולטאטן, וועלכע מיר האבן דערווארטעט. אייניקע שולן האבן אנגעהאלטן די צאל קינדער פון לעצטן יאר, אבער אין אייניקע שולן איז די צאל פארקלענערט געווארן. אמת, מיר טרייסטן זיך אז די לאגע איז אן אלגעמיינע, אין אלע טיפן שולן, אבער דאס גיט אונדז ווייניק צופרידנקייט.

אין שול 2, וואו דער אנפאנגער־קלאס איז געווען צו־גרויס, איז געווען נייטיק אנצושטעלן שוירלי וואסערמאן אלס געהילפס־לערערין.

שול 1, וואס האט זיך פאראייניקט מיט שול 6 און דעם ארב.־רינג ברענטש 138, האט אונדז ניט געגעבן דעם נחת וואס מיר האבן דערוואַרטעט. דער נייער צענטער איז ניט געווען פארטיק צו דער דערעפענונג. ס'האט גענומען עטלעכע וואכן ביז די שול האט געקענט דערעפנט ווערן. ניט קוקנדיק אויף דער קענוועס־אקציע און „פוב־

ליסיטי" איז ניט געלונגען אריינצוקריגן אין דער שול א גרעסערע צאָל קינדער. דער־פאַר אָבער זיינען די קינדער זייער צוגעבונדן צו דער שול און די טוער און עלטערן האָבן ביי זייער ארויסטריט צו די קאָנצערטן פון חנוכה און פורים געהאַט פיל פאַר־גענינגן. אין די רעגיסטראַציעס פון דער שול האָט זיך געמערקט אַ צאָל קינדער אין דער עלטער פאַר אַ קינדערגאָרטן. טראַכטן מיר איצט וועגן אַ קינדערגאָרטן אין יענער געגנט. שוין צייט, אַז מ'זאָל זיך נעמען ערנסט צו אָט דעם ענין.

אין אַלע שולן זיינען דורכגעפירט געוואָרן דערעפענונגס־יום־טובים, וואָס זיינען געווען אַ מאָראַלישער דערפאָלג און אין אייניקע שולן אויך אַ פינאַנציעלער דערפאָלג.

דעם 12טן אָקטאָבער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די יערלעכע קאָנפערענץ פון פילאַ־דעלפיער אַרב.־רינג שטאָט און דיסטריקט קאָמיטעט, ביי וועלכן ס'איז דערוויילט גע־וואָרן דער שול קאָמיטעט. מיט דעם אויסנאַם פון פריינד ז. עטינגער, וועלכער איז דערוויילט געוואָרן אַלס נייער פאָרזיצער, זיינען די סעקרעטאַרן וו. בלושטיין און פּ. האָכראַך פאַרבליבן אויך פאַרן קומענדיקן יאָר. אין קאָמיטעט זיינען אויך אַריין ד. בראַגינסקי, דזש. באַומאַן, דזש. עפּשטיין און י. נעגין. ביים ערשטן מיטינג פון דעם קאָמיטעט איז באַשלאָסן געוואָרן מ'זאָל צוציען צו דער עקזעקוטיווע ה. סיגעל, מ. שאַפּיראָ, אסנע שאַפּיראָ, ל. לעווינסאָן, ה. טייטעלמאַן, ד. רעווזין, פּעני שענקער, ענע קאַץ (אווערבאך), פּ. סיימאָן און י. וואַלדמאַן.

די ערשטע וויכטיקע אַקציע איז געווען אָנצופאַנגען די בוי־פאָנד קאַמפּאַניע פון צען טויזנט דאָלער. ביי אַ ספּעציעלער קאָנפערענץ זיינען דערוויילט געוואָרן באַאַמטע פון דעם קאַמפּיין: פריינד ד. רעווזין, פאָרזיצער; פּ. סיימאָן, סעקרעטאַר; און ד. בראַגינסקי, קאַסירער. עס זיינען אויך דערוויילט געוואָרן וויים־פאָרזיצערס, וואָס זאָלן אויך זיין די „קעפּטעינס" פון די קאַמפּאַניע־קאָמיטעטן אין די לאָקאַלע שולן.

זונטיק, דעם 23טן נאָוועמבער, איז געווען דער באַנקעט און די דערעפענונג פון דער בוי־פאָנד קאַמפּאַניע. עס זיינען געקומען אַ פּאָר הונדערט שול־טוער און אַרב.־רינג טוער. טאָוסמאַסטער פון דעם אָוונט איז געווען פריינד הערי בערגער, פאַר־וואַלטער פון „פאָרווערטס". דער גאַסט־רעדנער איז געווען אונדזער ליבער פריינד שלמה מענדעלסאָן, וועלכער האָט געהאַלטן זייער אַן איינדרוקספולע רעדע וועגן דער וויכטיקייט צו בויען מיט אַ ברייטערן שוואונג אונדזער שול־באַוועגונג. אין איין שטעל פון זיין רעדע האָט ער אויסגערופן: „דערמאָנט ניט, אַז איר ווערט עלטער! אין לעבעדיקער טעטיקייט דערפילט זיך דער מענטש יונג. וואָס גרעסערע זאַכן איר וועט אונטערנעמען, אַלץ דערפאָלגרייכער וועט איר זיין." זיין רעדע האָט אויף די פאַרזאַמלטע געמאַכט אַ טיפן רושם און געהאַט אַ ווירקונג אויף די רעזול־טאַטן פון דער קאַמפּאַניע דעם אָוונט. (דאָס איז געווען דער לעצטער אָוונט, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט מיט אונדזער ליבן חבר ש. מענדעלסאָן. קיינער האָט זיך גאָרניט פאָרגעשטעלט, אַז זיינע טעג זיינען געציילטע און אַז ער וועט פון אונדז אַזוי שנעל און אומברחמנותדיק אַוועקגעריסן ווערן.) פריינד הערי בערגער, טאָסטמאַסטער, האָט געמאַכט אַן איינדרוקספולן „אַפּיל", און ס'איז אַריינגעקומען אַרום 5 טויזנט דאָלער. דער דערפאָלג ביים אָנהייב פון דער קאַמפּאַניע האָט די טוער זייער דערמו־טיקט. צום באַדויערן זיינען נאָך דעם געשאַפן געוואָרן אומשטענדן, וואָס האָבן כמעט אָפּגעשטעלט די קאַמפּאַניע: דער דירעקטאָר, פריינד סיימאָן, איז קראַנק געוואָרן,

דורכגעמאכט א שווערע אָפּעראַציע, און איז געווען געצוואונגען אויף א לענגערער צייט זיך צוריקצוציען פון דער ארבעט. דערווייל זיינען אונטערגעקומען אנדערע ווויכטיקע קאמפּאניעס, און ס'איז געוואָרן אוממעגלעך ווייטער צו פירן אונדזער קאמפּאניע. דער רעזולטאט איז, אז ס'איז געשאפן געוואָרן ארום זיבן טויזנט דאלער (אויסער די ארום 4,500 דאלער וואָס שולן 1 און 6 און בר. 138 האָבן געשאפן פאר זייער געביידע), אָבער די שול־קאמפּאניע וועט פאָרטגעזעצט ווערן אזוי שנעל ווי די צייט וועט דערלויבן, כדי צו שאפן די פולע אָנגעצייכנטע קוואָטע.

## גראַדואיר קאָנצערט זונטיק, דעם 7טן דעצעמבער

דער יום־טוב איז איינער פון די שענסטע און איינדרוקפולסטע ביי די קינדער, עלטערן און שול־טוער. היינטיקס יאָר איז די גראַדואירונג געווען צוזאמענגעבונדן מיט דער פייערונג פון חנוכה־יום־טוב. די פּראָגראַם איז באשטאנען פון 1) ארבעטער־רינג מיטל־שול כאָר, אונטער דער אָנפירונג פון מ. העלזנער, 2) צערעמאָניע פון אויסטיילן דיפּלאָמעס צו די גראַדואירטע תלמידים, אָנגעפירט פון לערער פּ. סיימאָן, דירעקטאָר, 3) „ניט איך, ניט איך", א חנוכה־שפּיל, מיטן אָנטייל פון אלע גראַדו־אַנטן, רעזשי פון לאה וועוויצעס.

פאָרזיצער פון דעם יום־טוב איז געווען דער שול־פאָרזיצער ז. עטינגער. באַ־גריסונגען זיינען געהאלטן געוואָרן פון ה. סיגעל און פון די גראַדואירטע תלמידים. דאָס אויסטיילן פון דיפּלאָמעס אָנגעפירט פון פּ. סיימאָן, דירעקטאָר, האָט אלעמען טיף גערירט. די פיינע שפּיל רעזשיסירט פון לאהן איז פון אלעמען באגריסט געוואָרן מיט ווארעמע אפּלאָדיסמענטן.

## יערלעכער מיטל־שול סימפּאָזיום, זונטיק, דעם 7טן מערץ

מיט דעם אָוונט ווערט יעדן יאָר געשלאָסן די סעריע לעקציעס און קאָנצערטן פון יידישן פאָרום וואָס ווערט דורכגעפירט אונטער דער אויפזיכט פון קולטור־קאָמיטעט פון ארבעטער־רינג און לייבאָר עדיוקיישאָנאַל צענטער. דאָס יאָר איז דער סימפּאָזיום געווידמעט געוואָרן דעם חשובן שרייבער יוסף אפּאַטאָשו, לכבוד זיין 60־יאָריקן יובילייִ.

דער אָוונט איז דערעפנט געוואָרן מיט אן אינסצענירונג פון אייניצע סצענעס פון י. אפּאַטאָשוס ראָמאַן „אין פּוילישע וועלדער", דורכגעפירט פון מיטגלידער פון „י. ל. פּרץ יוגנט־קלוב", רעזשיסירט פון לאה וועוויצעס, וואָס איז מיט באגייסטערונג אויפ־גענומען געוואָרן פון די פאַרזאמלטע. דער סימפּאָזיום איז געפירט געוואָרן אין א יום־טובדיקער שטימונג. אויף דער בינע האָבן זיך געפונען, אויסער די 4 תלמידים וועלכע האָבן געליפערט די רעפעראַטן, פאָרטרעטער פון אָרגאַניזאַציעס: פר. הערי בערגער, פאַרוואַלטער פון „פאָרווערטס"; ה. סיגעל, פאָרזיצער פון פילאַדעלפיער א.ר. קולטור־קאָמיטעט; ד. בראַגינסקי, סעקרעטאַר פון די פאַראייניקטע יידישע געווערק־שאפטן; לערער י. וואַלדמאַן, און—צו אונדזער פרייד—פּ. סיימאָן, דירעקטאָר פון מיטל־שול, וועלכער האָט זיך אומגעקערט צו אונדז נאָך א לענגערער קראַנקהייט; און אונדזער חשובער גאַסט יוסף אפּאַטאָשו.

דערעפנט דעם אָוונט האָט דער באריכט־אָפּגעבער, וועלכער האָט אָנגעצייגט אויף דער וויכטיקייט פון דעם סימפּאָזיום, און באגריסט אין נאָמען פון דער צענטראַלער שול־פאַרוואַלטונג און אלע פאָרטראָטענע אָרגאַניזאַציעס דעם חשובן גאַסט יוסף אפּאַ־

טאַשו, צו זיין 60־יאָריקן יובילייִ. דער פּאָרזיץ פון אָוונט ווערט איבערגעגעבן צו לערער י. וואַלדמאַן, וואָס האַלט אַן איינדרוקספולע רערע און שטעלט פאַר די תלמידים, וואָס האָבן געהאַלטן די פאָלגנדיקע רעפעראַטן: „די ביאָגראַפיע פון י. אַפּאַטאָשו״— עוועלין אייזנבערג: „אין פוילישע וועלדער״—גיטל זוקער; „לינטשעריי״ — אבא מילדוואַן; „אַ טאָג אין רעגנסבורג״—אידית ליט. די רעפעראַטן זיינען געווען אויס־געצייכנט און דער עולם האָט געהאַט אַ גרויסן גייסטיקן גענוס.

צום שלום איז פאָרגעשטעלט געוואָרן דער גאַסט יוסף אַפּאַטאָשו, וועלכער האָט אויסגעדריקט זיין דאַנק פאַר דער אויפנאַמע און אָנערקענונג צו די תלמידים פון מיטל־שול פאַר די פיינע רעפעראַטן וועגן זיינע ווערק. ער האַלט אַ לעקציע איבער דער טעמע: „קיום—ניט אונטערגאַנג״, וואָס ווערט וואַרעם אויפגענומען פון עולם.

## אַ פּורים קאַרניוואַל און קעמפּ־רעיוניאָן

שבת, דעם 27טן מערץ, איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פּורים קאַרניוואַל און קעמפּ־רעיוניאָן פאַר די קינדער פון די אַרב.־רינג שולן און קעמפּערס פון קעמפּ „האָפנונג״, אין אווידיטאָריום פון צענטער. דער אָוונט איז אָנגעפירט געוואָרן פון פּ. סיימאָן, דירעקטאָר פון די שולן און פון קעמפּ „האָפנונג״. אויף דער פּראָגראַם זיינען דורכ־געפירט געוואָרן פאָרלעזונגען און דעקלאַמאַציעס; געזאַנג אָנגעפירט פון מ. אַנטשאַ־ראָוו; באַגריסונגען פון סעקרעטאַר פון צענטראַלער שול־פאַרוואַלטונג וו. בלושטיין, סעקרעטאַר פון קעמפּ „האָפנונג״ ל. לעווינסאָן, און פון דעם נייעם דירעקטאָר פון קעמפּ פאַרן קומענדיקן סעזאָן י. וואַלדמאַן. אַ צובייס איז סערווירט געוואָרן, און די יוגנט האָט פאַרבראַכט אַ פריילעכן אָוונט אונטער די קלאַנגען פון מ. העלזנערס אָרקעסטער.

## צוויי טרויעריקע פּאַסירונגען

אָנפאַנג דעצעמבער איז נאָך אַ לאַנגער קראַנקהייט געשטאָרבן אונדזער באַליבטער חבר און לערער גדליה ברעסלער. הגם ער איז שוין עטלעכע יאָר געווען אָפּגעריסן פון די שולן, איז ער ביי יעדער געלעגנהייט מיט ליבע דערמאָנט געוואָרן און איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן ווי איינער פון די שענסטע אידעאַליסטישע טיפּן אין אונדזער שול־באַוועגונג. ער איז געווען פון די ווייניקע, וועלכער האָט געהאַט אַ גוואַלדיקע ווירקונג אויף דער יוגנט, וואָס האָט אים געשעצט און געליבט. די לויה איז פאָרגע־קומען דעם 5טן דעצעמבער, און ס׳האָבן זיך אין איר באַטייליקט אַלע טיילן פון דער היגער אַרבעטער־רינג און שול־באַוועגונג, פאַרטרעטער פון בילדונגס־קאָמיטעט און פון לערער־פאַרבאַנד פון ניו־יאָרק, ז. יעפּרויקין און ה. נאַוואַק. דאָס ערשטע מאָל וואָס מ׳האָט געזען צוזאַמען אַזאַ גרויסע צאָל יוגנטלעכע, זיינע געוועזענע תלמידים, וועלכע זיינען געקומען זיך געזעגענען מיט זייער באַליבטן רבין.

שלמה מענדעלסאָנס פּלוצימדיקער טויט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע צערודערט־קייט אין דער גאַנצער אַרבעטער־רינג, סאָציאַליסטישער און קולטור־באַוועגונג, באַזונ־דערס ביי אונדזער שול־משפחה, וואו ער איז געווען אַזוי באַליבט. די שולן האָבן פאַרלאָרן דורך זיין פריצייטיקן טויט אַ ליבן חבר, לערער און פירער, צו וועמענס עצות און אָנווייזונגען מיר פלעגן זיך צוהערן, און וועלכער האָט אונדז געגעבן אַזוי פיל דערמוטיקונג און באַגייסטערונג אין אונדזער טעטיקייט. צוזאַמען מיט אַנדערע טיילן פון דער באַוועגונג האָבן די שולן זיך באַטייליקט אין דער איינדרוקספולער פּאָלקס־לויה אין ניו־יאָרק, און אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו.

## ספעציעלע יום־טובים און אונדזער אנטייל אין פארשידענע אקטיוויטעטן

דעם 7טן יוני האָט די צענטראַלע שול־פאַרוואַלטונג אַראַנזשירט אַ באַנקעט לכבוד דעם 50־יאָריקן יובל פון צוויי שול־טוער. איינער איז דער באַריכט־אָפּגעבער, און דער צווייטער איז דוד רעווזין. דער באַנקעט איז זייער שיין דורכגעפירט געוואָרן. ס'האָבן זיך באַטייליקט אַ גרויסע צאָל טוער פון אַרבעטער־רינג און דער שול־באַוועגונג, מיט פריינד ס. רודאָוו, פאָרזיצער פון שטאָט און דיסטריקט קאָמיטעט, און ל. געלפאַר פון בילדונגס־קאָמיטעט, אַלס גאַסט רעדנער. אַלס איינער פון די יובילאַרן, וויל איך דאָ אויסדריקן, פון מיר און מיין פריינד ד. רעווזין, אונדזער האַרציקן דאַנק צו דער צענטראַלער שול־פאַרוואַלטונג פאַר דער פריינדשאַפט און פאַרן אַראַנזשירן דעם באַנקעט.

מיר האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אָרגאַניזירונג פון דער יידישער קולטור־קאָנפערענץ אין פילאַדעלפיע, וואו אונדזערע אַקטיווע מיטגלידער פאַרנעמען די הויפּט־אַמטן: פר. ד. בראַגינסקי, אַלס פאָרזיצער, און ד. רעווזין, קאַסירער. די אַרבעט איז צייטווייליק אָפּגעשטעלט. אַזוי שנעל ווי די טעטיקייט וועט זיך צוריק אָנפאַנגען, וועט אונדזער שול־משפחה אין איר נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל.

## עלאיד דזשואיש אַפּיל

לעצטן יאָר האָט די שול־באַוועגונג גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אָט דער קאַמפּאַניע, און בייגעטראָגן אַ באַדייטנדיקן חלק צו די זאַמלונגען. היינטיקס יאָר איז די קאַמפּאַניע נאָך וויכטיקער און איז דער גרעסטער פון אַלע ביז־איצטיקע דרייווס. ס'איז אונדזער פליכט צו מאַכן דעם מאַקסימום אָנשטרענגונג פאַר אַ דערפאָלגרייכער קאַמפּאַניע. מיר זיינען זיכער אַז די שול־משפחה וועט טאָן איר פליכט.

פאַרטרעטער פון צענטראַלער שול־פאַרוואַלטונג, ד. בראַגינסקי און וו. בלושטיין, האָבן זיך באַטייליקט דעם 7טן דעצעמבער אין דער ספּעציעלער „ראַיאַל אָוקס קאָנ־פערענץ" פון די עקזעקוטיוועס פון „עלייד דזשואיש אַפּיל" און „פעדערייישאָן אָוו דזשואיש טשאַריטיס", וואו עס זיינען געשילדערט געוואָרן די פאַרצווייגטע טעטי־קייטן פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

## „קאָונסיל פון יידישער דערציאונג" ביים דעם „עלאיד דזשואיש אַפּיל"

אונדזערע שולן קאָאָפּערירן מיט דעם „קאָונסיל" און ספּעציעל מיט דעם דירעק־טאָר דר. אייזענבערג, וועלכער האָט פיל בייגעטראָגן צו פאַרבעסערן און פאַרשפּרייטן די יידישע דערציאונגס־אַרבעט אין פילאַדעלפיע. מיר האָבן אין אים געפונען אַ וואַרעמען פריינד, וועלכער אינטערעסירט זיך מיט אונדזערע נויטן און באַדערפנישן. זומער האָבן מיר אים איינגעלאַדן, אַלס גאַסט פון די שולן, אין קעמפּ „האָפענונג". ער האָט זיך אין די צוויי טעג מער באַקאַנט מיט אונדזערע טעטיקייטן.

די קינדער פון די שולן האָבן צוזאַמען מיט די קינדער פון אַלע טיפּן שולן אין פילאַדעלפיע בייגעוואוינט די פאָרשטעלונג פון י. ל. פּרצס „אָרענדאַר" אין ענגליש, דורכגעפירט פון אַ ניו־יאָרקער טרופּע און אַראַנזשירט פון „קאָונסיל".

די קינדער פון אַרב.־רינג שולן האָבן אויך בייגעוואוינט אַ פּורים־קאָנצערט, אַראַנזשירט פון קאָונסיל פאַר די קינדער פון אַלע שולן אין שייכות מיט דער קאַמ־פּאַניע פאַר דעם עלייד דזשואיש אַפּיל.

מיר האָבן זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ פאַר דעם 50־טויזנט דאָלער פאָנד פון אַרב.־רינג פאַר אַ האָספּיטאַל אין נגב, ארץ ישראל. די קינדער פון די שולן האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט און געשאַפן פאַר דעם פאָנד העכער 600 דאָלער.

מיר האָבן זיך אויך באַטייליקט אין דער „איוואַ" קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק, אין דער קאָנפערענץ פון פרײַלאַנד ליג, אין דער לייבאָר עדיוקיישאָנאַל צענטער קאָנווענשאָן, אין דעם 40־יאָריקן יובילײַ פון ברענטש 150, אין דעם 45־יאָריקן יובילײַ פון ברענטש 362 קעמדען, אין דעם 6־יאָריקן יובילײַ פון ראובן בלאַק אין ניו־יאָרק, אין דעם 50־יאָריקן יובילײַ־פייערונג פון „בונד", אין דער אַרב.־רינג „זאָן" קאָנפערענץ, און פאַרשידענע אַנדערע יום־טובים פון ברענטשעס, שולן און אַרב.־רינג אינסטיטוציעס.

## 15טער אַרבעטער־רינג שול־צוזאַמענפאָר

דעם 8טן אָקטאָבער איז אַ קאָמיטע פון בילדונגס־קאָמיטעט, פרײַנד בלאַק און ל. געלפאַר געקומען צו אַ ספּעציעלן עקזעקוטיוו־מיטינג פון אונדזערע שולן מיט אַ רעקאָמענדאַציע צו אַראַנזשירן דעם צוזאַמענפאָר אין פילאַדעלפיע. מיר האָבן מיט צופרידנהייט אויפגענומען די רעקאָמענדאַציע און גלייך צוגעטראָטן צו מאַכן די נייטיקע אַראַנזשירונגען. דעם 4טן יאַנואַר איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפערענץ מיט פרײַנד הערי בערגער אַלס פאָרזיצער און נ. כאַנין, דירעקטאָר פון בילדונגס־קאָמיטעט, אַלס גאַסט רעדנער. די קאָנפערענץ איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג און ס'האָבן זיך אין איר באַטייליקט 13 אַרב.־רינג ברענטשעס, 5 אַרב.־רינג פרויען אָקזי־לעריס, 8 אַרב.־רינג שולן און 13 צענטראַלע אינסטיטוציעס, צוזאַמען 72 דעלעגאַטן. נאָכדעם ווי ס'זײַנען אויסגעהערט געוואָרן באַגריסונג רעדעס, איז אָנגענומען געוואָרן אַ דעקלאַראַציע וועגן דער וויכטיקייט פון דעם שול־צוזאַמענפאָר. אַן אַראַנזשיר קאָמיטעט פון 50 טוער איז דערוויילט געוואָרן. אין משך פון דער צייט זײַנען אָפּ־געהאַלטן געוואָרן אַ ריי מיטינגען און עס זײַנען אויסגעאַרבעט געוואָרן אַלע איינצל־הייטן פאַר דער אַראַנזשירונג פון דעם שול־צוזאַמענפאָר.

פרײַטיק אָוונט, דעם 30טן אַפּריל, וועט געגעבן ווערן אַ קבלת־פּנים פאַר די דעלע־גאַטן און געסט ביי דעם יערלעכן דריטן סדר אין באַלרום פון סטיפען דזשיראַרד האָטעל.

שבת אָוונט, דעם 1טן מאַי, וועט דורכגעפירט ווערן אַ פּראַכטפולער קאָנצערט און ערשטע־מאַי פייערונג אין פליישערס אוידיטאָריום. אין קאָנצערט באַטייליקן זיך דער פאַראייניקטער אַרב.־רינג כאָר פון פילאַדעלפיע, טרענטאָן און נואַרק מיט ש. בוגאַטש, דיריגענט, און לאַזאַר ווײַנער ביי דער פּיאַנאָ. „צעזייט און צעשפּרייט" פון שלום עליכם אין 3 אַקטן וועט געשפּילט ווערן פון אונדזער יוגנט. דער באַרימטער קינסטלער סידאָר בעלאַרסקי וועט אויפטרעטן אין אַ ספּעציעל צוגעגרייטער גרופּע לידער.

„אונדזער יאָרבוך" (קינדער־רינג) ווערט אַרויסגעגעבן פון אַ ספּעציעלן קאָמיטעט מיט ז. עטינגער, אַלס פאָרזיצער; ד. בראַגינסקי, סעקרעטאַר און ל. לעווינסאָן אַלס פאַרוואַלטער. דאָס בוך ווערט הײַ־יאָר געווידמעט דעם איצטיקן שול־צוזאַמענפאָר.

מיר זײַנען זיכער אַז פילאַדעלפיע וועט געבן אַ וואַרעמען קבלת פּנים צו די דעלעגאַטן און געסט און אַז די קאָנווענשאָן וועט זײַן פּראָדוקטיוו און שעפעריש און וועט העלפן פאַרגרעסערן, פאַרשטאַרקן און פאַרשפּרייטן אונדזער שול־באַוועגונג אין לאַנד.

# יוסף אָפּאַטאָשו

## זיין לעבן און שאַפן

סימפּאָזיום, דורכגעפירט פון אונדזערע מיטלשול תלמידים
זונטיק, דעם 17טן מערץ, 1948, אין אנוועזנהייט פון דעם שרייבער

עוועלין אייזנבערג

א.

### די ביאָגראַפיע פון דעם שרייבער

די מערסטע יידישע שרייבער זיינען געבוירן געוואָרן אין קליינע שטעטלעך ווי קאסריליעווקע, גלופּסק, קאבצאנסק. זיי האָבן געלערנט אין א חדר, געשפּילט זיך מיט יידישע יינגלעך, דורכגעלעבט אלע לײדן און פריידן פון אן אָרעמען יידישן יינגל אין א קליין שטעטל.

ניט אזוי אָפּאַטאָשו.

ער איז געבוירן געוואָרן און געלעבט זיינע קינדער־יאָרן אין א וואלד אין פּוילן, אין די ליפּאָוויצער וועלדער. נישט געגאַנגען אין קיין חדר, אויסגעוואקסן צווישן גוים, צווישן ביימער און פייגל, געשפּילט זיך מיט די יינגלעך פון דעם פּוילישן שמיד און פון די יעגער און מיט די שיקסע־לעך פון די פּוילישע פישערס. ער האָט ליב געהאט צו כאַפּן פיש און צו רייטן אויף פערד, אויף אמתע פערד, נישט ווי שלום עליכמס מתושלח.

זיין זיידע איז געווען אן אויפגעקומע־נער גביר, מיטן נאָמען אברהם. ער איז געווען אן עלנטער און האָט אפילו ניט געוואוסט פון וואנען ער קומט. ער איז געקומען, אן אָרעמער בחור, קיין מלאווע און האָט חתונה געהאט מיט אן אָרעמער מיידל, אסתר. נאָך דער חתונה האָבן זיי זיך באַזעצט אין א קליינעם שטיבל אין ווילדן וואלד, אין די ליפּאָוויצער וועלדער. ער איז געווען א האָלצהעקער און האָט געטריבן סמאָלע. לאנג איז ער אין דעם אָרעמען שטיבל נישט געבליבן. אים האָט אָפּגעגליקט און ער איז געוואָרן זייער רייך. זיין ווייב אסתר האָט איב געבוירן דריי זין און איין טאָכטער, נאַנטשע. די נאַנטשע איז געוואָרן אָפּאַטאָשוס מוטער.

אברהם האָט ניט געהאַט קיין סך נחת פון זיינע קינדער. זיי זיינען אויפגעוואקסן אין וואלד צווישן גוים. די בחורים זיינען געגאַנגען אין וואלד אויף יאָגד ווי עשו און זיינען געווען לייכט אויף דער האַנט צו דערלאַנגען מיטן קולאַק. די טאָכטער נאַנטשע האָט דער פאָטער אמאָל געכאַפּט ווי זי שטייט אין מארק און דינגט זיך, אין א גוטן פּויליש, מיט א גוי וועגן א חזירל. זי האָט עס געטאָן אויף שפּאַס, אָבער א יידישע טאָכטער און א חזיר!

דער פאָטער האָט דערפאַר נעכט ניט געקענט שלאָפן. אין א שיינעם טאָג האָט ער אָנגעפּאַקט א וואָגן מיט מתנות און איז אוועקגעפאָרן אין שטאָט בעטן ביים

רב אַן עצה, ספּעציעל וועגן דער טאָכטער. די זין זיינע וואַקסן אויס גויים, וויל ער כאָטש אַ געלערנטן איידעם, ער וויל הערן תורה ביי זיך אין הויז. דער רב האָט אים געזאָגט אַז אין שטאָט וואוינט אַ ייד אַ יורד, ער איז אַמאָל געווען רייך, נאָר איצט איז ער שטאַרק פאַראָרעמט. ער האָט אַ זון מיטן נאָמען דוד, אַ בחור אַ בן־תורה, עס וואָלט געווען אַ גוטער שידוך פאַר זיין טאָכטער. אברהם האָט זיך גע־שראָקן צו שיקן אַ שדכן צו אַזאַ גרויסן מענטשן ווי אָפּאַטאָווסקי, וואָס שטאַמט פון גרויסן יחוס, פון רבנים. אָבער דער רב האָט אים פאַרזיכערט אַז עס וועט זיין אַ שידוך. אברהם האָט געשיקט אַ שדכן. אין אַ יאָר ארום האָט דוד אָפּאַ־טאָווסקי חתונה געהאַט מיט נאַנטשען. אָט דער דוד איז געוואָרן דער פאָטער פון אונדזער חשובן שרייבער, יוסף אָפּאַ־טאָשו.

נאַנטשע האָט געבוירן דריי זין; צוויי זיינען געווען גוט און פרום, אָבער איינער, יוסף, האָט געהאַט אין זיך דאָס בלוט פון זיינע פעטערס. ער איז געווען אַן אומרו־איקער בחור. אויף אַלץ איז ער געווען פּיאַיק. ער האָט געקענט כאַפּן פיש, רייטן אויף פערד, שיסן מיט שטיינער אויף פייגל, כאַפּן הינער און זיי אָפּבראָטן. כאָטש ער האָט די אַלע זאַכן ליב געהאַט, איז ער אין אָוונט זעלטן געגאַנגען אין וואַלד. אין אָוונט פלעגט דער פאָטער מיט אים לערנען. דער פאָטער איז געווען זיין ערשטער רבי. פאַרן פאָטער האָט יוסף געהאַט גרויס רעספּעקט און האָט ליב געהאַט ביי אים צו לערנען.

ביטאָג, ווען ער איז געווען פריי, האָט ער אָפּגעטאָן אַלערליי ווילדע שטיק. ער האָט איין מאָל געמאַכט אַ שיסער פון אַ טשוואָק מיט אַ שטריקל. האָט ער זיך געוואָלט באַרימען פאַר די יינגלעך און זיי געוויזן ווי דער שיסער אַרבעט. דאָס איז פאַרגעקומען לעבן דער קוזניע, פונקט דאַן ווען דער שמיד האָט געקאָוועט אַ פערד. דער שאָס האָט אַזוי איבערגע־שראָקן דאָס פערד, אַז עס איז ווילד גע־וואָרן און האָט דעם שמיד שיעור נישט דערהרגעט. דער שמיד האָט דאָס דער־ציילט דעם טאַטן, אָבער דער פאָטער האָט אים נישט געשלאָגן, נאָר אין אָוונט האָט ער ביים טיש דערציילט אַז די תורה שרייבט, אַז דאָס לעבן פון אַ מענטשן איז טייער, מען דאַרף רחמנות האָבן אויף מענטשן. צוליב ראַטעווען אַ מענטשן מעג מען אפילו פאַרשווערן שבת, און מען טאָר גאָרניט טאָן צו ברענגען אַ געפאַר פאַר אַ מענטשן.

יוסף האָט פאַרשטאַנען וואָס דער פאָ־טער מיינט, און האָט דערפאַר פאַרן טאַטן געהאַט נאָך מער רעספּעקט און האָט אים נאָך מער ליב געהאַט.

באַלד איז געקומען אַן איבערבייט אין דעם לעבן פון דער משפּחה אָפּאַטאָווסקי. די משפּחה האָט זיך אַרויסגעקליבן אין דער נאָענטער שטאָט מלאווע. מלאווע איז געווען אַ חסידיש שטעטל. אַלע זיינען געגאַנגען צום רבין, נאָר איין דוד אָפּאַ־טאָווסקי נישט. די יידן האָבן געוואוסט אַז ווען דוד איז געווען אַ יונגער בחור, האָט אים דער רבי אויסגעקליבן ווי איי־נעם פון די צען בעסטע לערנערס. האָט זיי טאַקע שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס ער גייט ניט צום רבין. ער איז צום רבין ניט געגאַנגען, אָבער ער איז געווען אַ פרומער ייד.

פריער פלעגט ער אַליין לערנען מיט די קינדער. אָבער איצט האָט ער געבראַכט פאַר זיי אַ לערער, אַ ליטוואַק. ביינאַכט פלעגט זיך יוסף צוהערן ווי זיין טאַטע רעדט מיטן לערער וועגן גרויסע שרייבער און וועגן זייערע ביכער. ער האָט פאַר־שטאַנען אַז אַ שרייבער מוז זיין אַ גרוי־סער מענטש, און ער האָט באַשלאָסן צו

ווערן א שרייבער, ווען ער וועט אויס־וואקסן. שפעטער האט דער פאטער גע־שיקט די קינדער לערנען אין דער רוסישער שול, און אין אוונט האט ער אליין מיט זיי געלערנט יידישע לימודים: תנ"ך, גמרא און פילאזאפישע ספרים.

דער פאטער איז אויך געווען א גרויסער מאטעמאטיקער. דער לערער פון דער רוסישער שול פלעגט אפט קומען צו זיין טאטן זיך דורכריידן וועגן שווערע מאטע־מאטישע פראבלעמען, וועלכע דער פאטער האט זייער לייכט פארענטפערט. דאס האט דעם פאטער געמאכט נאך גרעסער אין די אויגן פון די קינדער.

אין יענע צייטן איז אין רוסלאנד גע־ווען שווער פאר יידישע קינדער אנצו־קומען אין א מיטל־שול. און די יידישע בחורים האבן זיך געריסן אין דער גרויסער שטאט, זיי האבן געוואלט לערנען. דורך א גליקלעכן צופאל איז יוספן געלונגען צו קומען קיין ווארשע און זיך לערנען אין א מיטל־שול. ער האט ניט געוואלט נעמען ביים פאטער קיין געלט, האט ער גענעבן לעקציעס און אליין פארדינט אויף אן ארעמען לעבן.

ווען די רוסישע רעגירונג האט גע־שלאסן די מיטל־שול, איז אפאטאשו אוועק קיין פראנקרייך און אנגעהויבן לערנען אין פאליטעכניקום. אין גיכן איז זיין פאטער פארארעמט געווארן, און יוסף האט געמוזט פארלאזן פראנקרייך און קו־מען צוריק אהיים. דער פאטער איז אוועק קיין אמעריקע און האט באלד אריבער־גענומען די גאנצע משפחה. דאס איז גע־ווען אין יאר 1907, מיט 41 יאר צוריק.

די ערשטע יארן האט אפאטאשו אין אמעריקע קיין האניק נישט געלעקט. ער האט זיך געווארפן אויף פארשידענע פרנסות. ער האט געארבעט אין א שאפ, פארקויפט צייטונגען, געווארן א העברע־אישער לערער אין א תלמוד תורה. אט דעם צופאל האבן מיר צו פארדאנקען זיין ראמאן „היברו", וואו ער באשרייבט הע־בראישע לערער.

אין די אלע שווערע יארן האט ער אבער אליין ווייטער געלערנט. ער האט געענדיקט אלס אינזשעניר. מיט דער פראפעסיע האט ער זיך לאנג נישט בא־שעפטיקט. ער איז שפעטער געווארן א יידישער שרייבער, איינער פון די וויניקע יידישע שרייבער, וואס אחוץ דערציילונ־גען, שרייבן זיי אויך ראמאנען.

זיין בארימטסטער ראמאן הייסט „אין פוילישע וועלדער". אין דעם בוך שיל־דערט אפאטאשו דאס יידישע לעבן אין פוילן אין די לעצטע הונדערט יאר.

אפאטאשו האט אויך אנגעשריבן א זייער אינטערעסאנטן בוך: „א טאג אין רעגנסבורג", וואו ער באשרייבט א טאג פון דעם יידישן לעבן אין א דייטשער שטאט אין מיטלאלטער.

אין זיינע לענגערע און קורצע דערציי־לונגען באשרייבט אפאטאשו מיט גרויס מייסטערשאפט הפקר־מענטשן, גנבים, אונטערוועלט־מענטשן, ליידנשאפטן, ראסן־צוזאמענשטויסן, ווי אין „א ראמאן פון א פערד גנב", „אונטערוועלט", „ראסע", „לינטשעריי" און אנדערע.

צוזאמען מיט דעם דיכטער ה. לייוויק האט אפאטאשו ארויסגעגעבן א זייער אנ־געזעענעם זשורנאל „זאמלביכער". ביז איצט זיינען ארויס זעקס נומערן. אין ציקא־פארלאג וועט באלד ארויס דער ערשטער טייל פון זיין גרויסן ראמאן: „דער לעצטער אויפשטאנד" פון דער צייט פון בר כוכבא.

אפאטאשו איז אויך א וויכטיקער מיט־גליד פון ייווא.

אפאטאשו האט נאך א סך אויפגאבן צו דערפילן. זאל ער לאנג לעבן און שאפן פאר דער יידישער קולטור און פארן יידישן פאלק!

אידיט ליט

ב.

# אַ טאָג אין רעגנסבורג

ווען מען וויל לייענען און זען ווי יידן האָבן געלעבט אין רוסלאַנד, פּוילן, רומעניע, גאַליציע, אפילו אין אמעריקע, קען מען פאַרמאַכן די אויגן און בלינד ארויסשלעפּן אַ בוך פון אַ יידישער ביבליאָטעק, און מען וועט געפינען וואָס מען זוכט. ווען מען וויל אָבער לייענען וועגן דעם לעבן פון יידן אין דייטשן מיטלאַלטער, מוז מען שוין האַלטן די אויגן אָפן און לאַנג זוכן.

אַ פּראַכטפול בילד פון דעם יידישן לעבן אין דייטשן מיטלאַלטער גיט אונדז יוסף אָפּאַטאָשו אין זיין בוך: „אַ טאָג אין רעגנסבורג". ווי אַזוי אָפּאַטאָשו איז געקומען צום געדאַנק אָנצושרייבן דאָס בוך, ווייס איך נישט. אין מיין פאַנטאַזיע שטעל איך זיך פאָר אַז עס האָט אַזוי פּאַסירט: דער שרייבער האָט געלייענט אָריגינעלע קוואַלן פון דער יידישער געשיכטע פון יענער צייט און פון יענעם אָרט. וואָלט ער געווען אַ היסטאָריקער, וואָלט ער נאָכדעם אָנגעשריבן אַ בוך מיט היסטאָרישע פאַקטן. וואָלט ער געווען אַ פּראָפעסאָר פון שפּראַך, וואָלט ער אָנגעשריבן אַ שווערן בוך וועגן דער אנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך. איז אָבער אָפּאַטאָשו אַ קינסטלער, האָט ער געמאַכט אַ שיינע וואַזע און אויף איר אויסגעמאָלט וואונדערלעכע פיגורן, לאַכנדיקע, טאַנצנדיקע, זינגענדיקע. אַזאַ מין וואַזע מיט פיגורן איז זיין בוך „אַ טאָג אין רעגנסבורג". אין דעם בוך גיט ער אונדז אַ גאַלעריע פון פיגורן, וואָס אַמוזירן אונדז, סיי ווען זיי לאַכן, סיי ווען זיי שפּילן, סיי ווען זיי רעדן רכילות, ווען זיי קריגן זיך, ווען זיי ליבן זיך.

די גאַנצע מעשה שפּילט זיך אָפּ אין איין טאָג, אין דער שטאָט רעגנסבורג. דער גביר פון שטאָט מאַכט חתונה זיין טאָכטער מיט דעם זון פון דעם גביר פון וואָרמס (ווירמיזע). די גאַנצע שטאָט, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט ארום פינף הונדערט יידישע פאַמיליעס, גרייט זיך צו דער חתונה. (די יידן וואוינען אין געטאָ און טראָגן דעם „יידן־צייכן"). דער מלמד (דעמאָלט האָט מען אים גערופן דער „מיינסטער") לאָזט אָפּ די קינדער פון חדר. דער ראש־ישיבה לאָזט ארויס די ישיבה־בחורים. ווייבער שטייען ביי האַלב אָפענע טירן אין דער שמאָלער „יידן־גאַס" מיט זייערע קליידער אין די הענט, האַלטן זיך אַן עצה וועלכע קלייד אָנצוטאָן: זיי וואַרטן מיט אומגעדולד די חתונה־ביטערין זאָל קומען זיי בעטן אויף דער חתונה. עס קומען אָרעמע לייט פון ווייטע געגנטן עסן און טרינקען אויף דער גבירישער חתונה. עס קומען לצים, שפּאַסמאַכער, בדחנים, פידל־שפּילער, זינגער, טענצער. עס קומען ספּעציעל די באַרימטע פּראַגער לצים. צווישן די פּראַגער געפינט זיך אַ שטאָלצן־גייער, אַ קאַרליק, אַ זינגער — אַ געוועזענער ישיבה בחור, און דער סטאַר זייערער, די באַרימטע טענצערין רויזלין, „אַן אָפּגעברענט מיידל, אירע טונקעלע אויגן — ווינט און אומרו. אירע פיס, דינע, בויגיקע, וואָס זיינען געזעסן אין „באָטשיך" מיט גלעקלעך, וואָס האָבן געקלונגען אפילו ווען זי איז געשטאַנען." גלייך ביים אָנקומען האָבן זיי זיך צעטאַנצט און צעזונגען, זיי האָבן געוויזן אַ מוסטער פון דעם וואָס זיי קענען. אָט איז זייערס אַ לידעלע:

אַך יאַ און יאַ און יאַ,
מיר זינגען און מוזיצירן,
מיר טאַנצן און יובילירן,
מיר זיינען בראַווע לייט.
אַך יאַ, און יאַ און יאַ,
מיר זיינען פון פראַג געצויגן,
מיר זיינען פראַגער לצים,
מיר זיינען בראַווע לייט.

און זיי זינגען לידער פון קרימהילדע און ברונהילדע און פון אנדערע העלדן פון די דייטשע לעגענדעס. די רעגנסבורגער אָרעמעלייט ווייזן אַז זיי קענען אויך זינגען לידער. אָבער בעסער ווי אַלץ קענען זיי שעלטן און זידלען די גבירים (ווען יענע הערן נישט).

די פראגער לצים, מיטשלעפנדיק מיט זיך עטלעכע היימישע ישיבה בחורים, גייען אין גאסטהויז „צום גאָלדענעם הירש". קיינער פון זיי האָט ניט קיין גראשן ביי דער נשמה, אָבער נישט געזאָרגט: מען עסט געבראָטענע גענדז און קאטשקעס, מען טרינקט די טייערסטע ווייִנען. וואו נעמט מען געלט? די שיינע טענצערין, רויזלין, דערטאפט דאָרטן אין שענק אַ רייכן גאָלד-סוחר. זי לאָזט אים, ער זאָל זיך אין איר פארליבן. זי נארט ביי אים אוים אַ שנירל פערל און ער באצאָלט אויף פאר די קאטשקעס און די ווייִנען. רכילות טרע-גער פארשפרייטן די נייעס וועגן דער ליבע איבער דער גאנצער געטאָ, און עס קומט אויך אָן צו דעם גאָלד סוחרס פרוי. זי קומט גלייך צולויפן אין שענק, מאכט אַ סקאנדאל און שלעפט אהיים איר זינדיקן מאַן.

עס בלייבט אָבער ניט קיין סך צייט צו ריידן וועגן דעם, ווייל עס הויבן שוין אָן קומען די געהויבענע געסט צו דער חתונה. אָט ווי אָפּטאָשו באשרייבט דאָס: „די יידן גאס, וואָס האָט געפירט צום גבירס הויף, איז ניט געווען דורכצוגיין. דאָס אייזערנע טויער ברייט צעעפנט. פוןביידע זייטן טויער—צוויי רייטערס אין קורצע רעקלעך, אין געפּאלדערוועטע קני-הויזן, אין היטלען ווי גלעקער. אַלץ פון רויטן סאמעט. איבער די רעקלעך שווערדן. דאָס האָבן די רייטערס קריקגעהאלטן דעם ניט געבעטענעם עולם וואָס האָט געקריבלט און געוויבלט.

אזעלכע איידלשטיינען און אזא עשירות איז אין רעגנסבורג ניט געווען צו זען. מחותנים פון ווירמיזע, פון פראנקפורט, פון ווין, און דער עיקר פון סטאמבול. וואו אַ קער—סאמעט, זייד. וואו אַ בליק —מאנטלען געשטיקט מיט גאָלד, מיט זילבער. ברייטע גארטלען, שווארצע, ווייסע, רויטע. טירן האָבן ניט גערוט. ווייבספאָלק האָט געהאלטן אין איין גיין, אין איין קומען, יונגע, עלטערע, אַלטע. דימענטענע אוירינג ביז איבער די גע-פליגלטע אקסלען. אויף די געפאסטע ארבל, ארום די האנטגעלענקען גאָלדענע מאניעלן, באזעצט מיט בריזאנטן, מיט שמוראקן, מיט רובינען. פערל — פולע העלדזער, קרעלן, בורשטינען מיט גאָלד-גילדן דראָן געהאנגען".

די אויפרעגונג דערגרייכט דעם העכסטן פונקט ווען עס קומט אָן מיט גרוים פאראד דער שתדלן יוסלמאַן ראָזהיים. אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט פאר אים. דער מחותן איז אים אנטקעגן געגאנגען מיט אַ ברענענדיקער קאנדעליאברע, און גע-דאנקט גאָט וואָס רב יוסלמאַן האָט אים צוגעטיילט דעם גרויסן כבוד.

אָבער יוסלמאַן האָט געלאָזט וויסן, אַז ער איילט זיך, אַז ער האָט קיין צייט נישט, ער בלייבט אין רעגנסבורג אַ שעה, העכסטנס אנדערהאלבן, אַז ער פאָרט מיטן יונגן קורפירשט קיין בייערן. ער האָט קוים געפועלט ביים קורפירשט ער זאָל זיך אָפּשטעלן אין רעגנסבורג. דער מחותן דארף פארשטיין, אַז די חופה איז בלויז אַן אויסרייד. מען רעדט שטארק

וועגן א גירוש פון רעגנסבורג. עס ארבעטן פינצטערע כוחות, גלחים, משומדים. דארף רעגנסבורג האָבן א צד. און דער יונגער קורפירשט קען היינט־מאָרגן ווערן קעניג. דערפאר זאָל מען הייסן גרייטן א טיש ווי פאר א מלך. די בעסטע פרעמדע ווייַנען, די זעלטנסטע פרוכטן, און דער עיקר — צוגרייטן א טויטן־טאַנץ. דער קורפירשט האָט ליב צו זען ווי יידן טאַנצן דעם טויטן־טאַנץ.

אַלעמענס אויגן זייַנען געווען געווענדט צום אַרייַנגאַנג, וואו א יונגער ריטער, בויגיק ווי א שלאַנג, האָט זיך אַרייַנגע־שאַרט אין זאַל. זייַן זילבערנער פאַנצער האָט געפינקלט און די שווערד האָט גע־קלימפּערט. נאָך אים א צווייטער, א דריטער, א פערטער. די גאַנצע לייבוואַך האָט זיך אויפגעשטעלט, דורכגעלאָזט דעם קור־פירשט. דער זאַל האָט אויפגעציטערט פון די וויוואַט־געשרייען: האָך! האָך!

נאָכן עסן האָט מען אַרויסגענומען די טישן; די יידן־האַרף האָט אָנגעהויבן ווייַנען, שפּילן: דאָס האָט דער טויט גע־שפּילט זייַן קלאָג־ליד. די טענצערין, רויז־לין, האָט זיך באַוויזן און אָנגעהויבן טאַנצן דעם טויטן־טאַנץ. זי האָט פּאַמע־לעך גענומען הייבן די הענט און פון די הענט זייַנען געוואָרן פליגל, פאַרשפּיצטע פליגל. זי האָט זיך געטראָגן איבערן זאַל ווי א פלעדערמויז. זי האָט זיך געטראָגן ווי א ווינט, א פליגל אַרויף, א פליגל אַראָפּ, און האָט זיך פאַרנייגט פאַרן קור־פירשט. דער גאַנצער זאַל האָט אויפגע־ציטערט ווען דער קורפירשט, זייַנע באַ־גלייטער און דער גאַנצער עולם האָבן גע־רופן און געשאַלט: בראַוואָ רויזלין, בראַוואָ שפּילווייב.

דער קורפירשט גייט אַוועק א צופרידע־נער. די יידן בלייַבן מיט דער האָפענונג אז די גזירה איז אָפּגעשריגן, און מען הוליעט ווייטער און מען לאָזט זיך וואויל גייַן אויפן גבירס חתונה.

„א טאָג אין רעגנסבורג" איז א פייַן בוך. עס איז א צירונג־קעסטעלע. מייַן וואונטש איז אז דעם שרייבער אָפּאַטאָשו זאָל באַשערט זייַן אוועקצושטעלן נאָך א סך אַזעלכע צירונג קעסטעלעך אין אונ־דזערע ביכער־אַלמערס.

---

אבע מילדוואן

ג.

# לינטשערייַ

אין אייראָפּע האָט מען געהאַלטן אַמע־ריקע פאַר א מוסטער־לאַנד. אַמעריקע איז א לאַנד פון פרייַהייט, גלייכהייט, גערעכ־טיקייט. אַמעריקע האָט געהאַט אַן אייב־רעהעם לינקאָלן, אַמעריקע האָט א קאָנ־סטיטוציע: אין אַמעריקע איז דאָס לעבן פון א מענטשן זיכער, הייליק. ניטאָ דאָרטן קיין צאַר, קיין אונטערדריקונג, קיין פאַר־פאָלגונג, קיין ראַסן אונטערשיידן, ווייסע, שוואַרצע, געלע, רויטע, — אַלע מענטשן זייַנען גלייך. אַזוי האָט מען אין אייראָפּע געערדט וועגן אַמעריקע.

ווען אָפּאַטאָשו איז געקומען קיין אַמע־ריקע, האָט ער געזען, אז געזעץ איז איין זאַך, און דאָס לעבן איז אַן אַנדער זאַך. ווען ער האָט געהערט און געלייענט אז אין דער פרייער אַמעריקע קומען פאָר לינטשערייען אויף נעגערס, איז דאָס פאַר אים געווען א ביטערע אַנטוישונג. און ער האָט אָנגעשריבן זייער א שטאַרקע דער־

ציילונג: „לינטשעריי״. אַפּאַטאַשו דערציילט דאָרט אַז אין אַ דאָרף אין דעם שטאַט דזשאָרדזשיאַ איז אַרוים אַ קלאַנג אַז אַ נעגער, בוקערט, האָט באַליידיקט די טאָכטער פון דעם פאַרמער מעקלור. דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך פאַרזאַמלט צו לינטשן דעם נעגער, און דאָס געזעץ איז געווען צו־שוואַך, דאָס צו פאַרהיטן.

דער שעריף קומט אין דעם נעגערס הויז. ער טרעפט דאָרטן בוקערטס ווייב און מוטער. ער וואָרנט זיי אַז בוקערטס לעבן איז אין געפאַר. ער בעט זיי זאָלן אים אַרויסגעבן זייער זון, ער וויל אים אַוועקפירן צום געריכט אין אַטלאַנטאַ. דאָרט וועט זיין לעבן זיין זיכער, דאָרט וועט ער געפינען גערעכטיקייט. די אַלטע נעגערס שווערן ביי דער ביבל אַז זיי ווייסן ניט וואו זייער זון געפינט זיך. דער שעריף רייט אַוועק און טרעפט לעבן סאַלון כמעט דאָס גאַנצע דאָרף פאַרזאַמלט. מען גרייט זיך צו גיין צו די זומפּן אין וואַלד זוכן בוקערטן. ער מוז דאָרט ליגן באַהאַלטן. דער שעריף אַפּעלירט צום עולם זיי זאָלן דעם נעגער נישט הרגענען, נאָר ווען זיי וועלן אים כאַפּן, זאָל מען אים ברענגען אַ לעבעדיקן צו אים, צום שעריף. דער גאָווערנאָר האָט צוגעזאָגט צו געבן פופציק דאָלער און אַ מעדאַל.

דער געפיל פון נקמה איז אָבער שטאַרקער ווי דער רעספּעקט פאַרן גאָווערנאָר און פאַרן געזעץ. דער געפיל פון נקמה איז שטאַרקער, ווי דער חשק פאַר געלט און ווי די אַמביציע פאַר אַ מעדאַל. מיט אַ האַלבן מויל זאָגט מען צו דעם שעריף, אָבער מען באַשליסט ביי זיך דורכצופירן די לינטשעריי. דער שעריף פאַרשטייט דאָס, און רייט אַוועק גיך, צוזאַמען מיט זיינע דריי שוואָגערס צו כאַפּן און אַוועקפירן דעם נעגער, איידער דאָס דאָרף קומט אָן.

ביז זיי זיינען געקומען אין וואַלד איז שוין געוואָרן נאַכט. דער שעריף האָט מיט אַ שיין־וואָרפער געזוכט און געפונען בוקערטן מיט אַ געלאָדענעם ביקס אין דער האַנט.

דער שעריף איבערצייגט בוקערטן, אַז ער וויל אים ראַטעווען דאָס לעבן, און דער נעגער גיט זיך איבער. אָבער דאָ קומט אָן מעקלור מיט זיין צעווילדעוועטער מחנה. מיט ווילדע געשרייען וואַרפן זיי זיך אויף בוקערטן, צעבלוטיקן אים, און טרעטן מיט די פיס דעם שעריף, ווען ער פרובירט פאַרטיידיקן דעם נעגער. זיי ברענגען אים אַ געבונדענעם אין דאָרף אריין און פייניקן אים אַ גאַנצע נאַכט.

אין דער פרי האָט אַ גרויסער נאָטיץ אין דער ציימונג גערופן די איינוואוינער פון דאָרף צו קומען צו דעם משפט, וואָס וועט פאַרקומען הינטער אַ בערגל. די ציי־טונג, וואו עס שרייבן געבילדעטע מענטשן מיט דיפּלאָמעס, האָט נישט געהאַט קיין איין וואָרט פון קריטיק. די צייטונג, וואָס דאַרף אויפקלערן און לערנען די מענטשן, האָט גערופן צו דער בלוטיקער צערעמאָניע, ווי מען רופט צו אַ חתונה.

ווייל עס איז געווען זונטיק בייטאָג, איז געקומען דאָס גאַנצע דאָרף, מיט די ווייבער, מיט די קינדער. עס זיינען געקומען גאַנצע משפּחות, ענגלענדער, דייטשן, איטאַליענער, שוועדן, רוסן, פּאָליאַקן. כאָטש זיי האָבן זיך פיינט איינע די אַנדערע, אָבער דאָ זיינען זיי געווען אַלע פּאַראייניקט אין זייער האַס צו דער שוואַרצער ראַסע.

אַפּאַטאַשו מאָלט דאָ זייער אַ שטאַרקע סצענע, וואָס שפּילט זיך אָפּ הינטערן בערגל, איידער מען פאַרברענט בוקערטן. דער נעגער הייסט זיך ברענגען אַ ביבל און ער הייבט אָן הויך צו לייענען. ער לייענט מיט אַ קלאָרער שטימע, און ווען ער הויבט אויף די אויגן צום הימל, זעט ער אויס ווי אַ הייליקער. עס ווערט שטיל

ווי אין אַ קירכע. מיט אַמאָל דערהערט זיך אַ שטימע פון דעם עולם: „קריסטן זייט איר? אויב איר זייט קריסטן, איז אַ שאַנדע צו זיין אַ קריסט."

דער עולם האָט אויפגעציטערט. אָבער באַלד האָט איינער אַ געשריי געטאָן: „לאָז ער גיין קיין באָסטאָן, דער יענקי". און מען האָט זיך גענומען מאַכן דאָס פייער. בוקערט האָט זיך אויפגעשטעלט, גענומען רייסן בלעטלעך פון דער ביבל און זיי גע־טיילט צווישן די מענטשן. דאָס האָט גע־מאַכט זייער אַ שטאַרקן איינדרוק.

וואָלט אין יענעם מאָמענט איינער אויפ־געשטאַנען און געזאָגט עטלעכע גוטע ווערטער, וואָלט ער בוקערטן געראַטעוועט. קיינער האָט דאָס נישט געטאָן. דער נעגער איז פאַרברענט געוואָרן.

שפּעטער האָבן קינדער געזוכט אין אַש. זיי האָבן געוואָלט געפינען אַ צאָן אָדער אַ ביין, זיי זאָלן דאָס אַהיים ברענגען און באַהאַלטן פאַר אַ סואַווועניר.

אין דער סצענע פאַר דעם פאַרברענען, ווייזט אונדז אַפּאַטאָשו אַז די קריסטלעכע רעליגיע, די רעליגיע פון ליבע, האָט די מענטשן ניט בעסער געמאַכט. איין איינ־ציקער מענטש האָט דאָרט אַפּעלירט צו דעם קריסטלעכן יושר און קריסטלעכער ליבע, האָט מען אים געשיקט קיין באָס־טאָן. מעקלור האָט גערופן צו נקמה, האַס און בלוט־פאַרגיסונג, האָט מען אים גע־פאָלגט. צו האַסן מענטשן, דאַרף מען קיין סך ניט לערנען. צו ליב האָבן מענטשן —„איז צוויי טויזנט יאָר לערנען" אויך נישט גענוג.

לינטשעריי איז נישט דאָס פּנים פון אַמעריקע. לינטשעריי איז נאָר אַ פלעק אויף דעם ריינעם פּנים פון אַמעריקע. אַפּאַטאָשו האָט ליב אַמעריקע און באַ־וואונדערט אַמעריקע. דערפאַר קען ער נישט ליידן דעם פלעק. די פרייע דעמאָ־קראַטישע אַמעריקע טאָר ניט לאָזן די שאַנדע ווייטער אָנגיין. זי מוז אויסגעריסן ווערן מיטן וואָרצל.

עס איז גוט וואָס מיר לערנען די דער־ציילונג „לינטשעריי" אין אונדזער מיטל־שול. עס וואָלט געווען זייער גוט, מען זאָל לערנען די דערציילונג אויך אין די אַמעריקאַנער הײַ סקולס.

---

גיטל זוקער

ד.

## אין פוילישע וועלדער

אַפּאַטאָשוס ראָמאַן „אין פוילישע וועל־דער" איז איינע פון די ערשטע היסטאָ־רישע ראָמאַנען אין אונדזער ליטעראַטור. אין דעם בוך שפּיגלט זיך אָפּ אויף אַ קינסטלערישן אופן די געשיכטע פון יידן אין 19טן יאָרהונדערט אין פוילן. מיר זעען דאָרט דעם באַרג־אַראָפּ פון חסידיזם, די עקשנות פון מתנגדים, דעם אויפקום פון השכלה, די אַסימילאַציע אין פוילן, די באַציאונגען צווישן יידן און פּאָליאַקן בעת דער צוגרייטונג צום צווייטן פוילישן אויפשטאַנד. מיר פילן דעם איינפלוס פון פון דער משיח־אידייע, די רעשטלעך פון די שבתי צביניקעס, די רעזולטאַטן פון יעקב פראַנקס באַוועגונג.

אַפּאַטאָשו לאָזט די אַלע באַוועגונגען דורכגיין דורך דער נשמה פון זיין העלד מרדכי, און זיי לאָזן דאָרט איבער זייערע שפּורן. דער שרייבער מאָלט די באַוועגונ־גען נישט מיט קיין צו־ליכטיקע קאָלירן און נישט מיט קיין צו־טונקעלע. ער לאַכט נישט פון דעם חסידיזם און ער

